ז. ווענדראָף.

# הומאָרעסקען

און

# ערצעהלונגען.





פערלאַג
ב. שימין.

ווארשא
תרע״א—1911



# צֶמַח׳ס פַּרְנָסוֹת.

גאָר אַ מאָל. בּאַלד נאָך דער חתונה, איידער ער האָט נאָך אַ סימן זקן געהאַט, האָט קיינער זיין אייגענעם נאָמען ניט געוואוסט. „לייב מילנער׳ס איידעם“ — אַזוי האָט מען איהם גערופען אונטער די אויגען, „הער־נאַר־יונגערמאַן“ — אין די אויגען.

ערשט, שפּעטער מיט יאָהרען, ווען ס׳האָט איהם אָנגע־הויבען אַרויס־שפּראָצען אַ פּיידעלע־רויט בּערדעל, האָט מען איהם אָנגעהויבען רופען: „צמח דער רויטער“.

דערנאָך איז ער געווען: צמח דער תבואה־סוחר, צמח דער פּעל־הענדלער, צמח גאַרבּער, צמח מעקלער, צמח שדכן, צמח חזיר־האָר׳ניק, צמח פּאַלטער, ר׳ צמח פּאָדריאַדטשיק, צמח בּעדער, ר׳ צמח בּעל־קאַראָבקע, און נאָך אַ מאָל צמח פּעל־הענדלער, און אויפ׳ן־ניי צמח חזיר־האָר׳ניק...

וואָס פאַר אַ פּרנסה — אַזאַ נאָמען. און פּרנסות האָט צמח געבּיטען אָפטער, ווי ער האָט געבּיטען וועש.

דאָבען איהם מאַקע לייט געהאַלטען פאַר אַ פּליט, פאַר אַ ירצה־קאָפּ.

אַ איד זאָל כּסדר זוכען גליקען...

ער אַליין, וויעדער, האָט געטענה׳ט, אַז ניט ער איז שולדיג — דער פינסטערער מזל זיינער: נעהמט ער זיך צו תבואה — פאַלט תבואה; צו חזיר האָר — ווערט חזיר האָר אין דער ערד; צו פּעל — ווערען פּעל בּחינם; צו שדכנות — ווערען אַלע מלמדים שדכנים... שוין אַ מזל אַזאַ... און אַז עס איז קיין מזל ניטאָ, העלפט קיין חכמה אויך ניט.

האָט זיך מאַכען צמח געפּלאָנט נאָך הלוית'ן, ביז דער שווער זיינער האָט איהם פאַרזאָרגט.

דער שווער, לייב קלעצקער, פון קלעצק, איז געווען אַ קלוגער יוד, אַ יוד, מיט אַ אויג פאַר'ן עתיד זהאָט ער איינגעזעהן, אַז צמח דאַרף האָבען אַ עסק מיט אַ פונדאַמענט, מיט אַ יסוד, פון וואַנען מען זאָל קענען ציהען אַ בעשטענדיגע שטיקעל חיונה. און דער עיקר — ס'זאָל צמח'ן צובינדען צום אָרט.

— פעל, שמעל, פאָדריאַדען, סמאַדריאַדען — פלעגט זיך דער שווער בייזערען, — אַ געשעפט פאַר דרעה־קעפּ. פאַר שווינדלער, שוויבעלינעס! דאָ געכאַפּט, דאָ גענעבען, געדרעהט, געפּלאָנטערט, געהאַוועט — טאַ, טאַ, אויפ'ן הימעל אַ יריד!.. אַ יוד מיט קינדער, קיין עין־הרע, דאַרף האָבען אַ זיכער'ן שטיקעל ברויט, אַ געזעצטע זאַך: אַ מיהל, אַ וואַלד, אַ נחלה...

און אין דער צוואה, וואָס ער האָט בשתיקה אָנגעשריבען נאָך לאַנג פאַר'ן טויט, זענען געשטאַנען די דאָזיגע ווערטער:

„היות מיינע בנים היקרים, אברהם און פסח שיחיו, זע־נען, קיין עין הרע, תקיפים במעמד אה, ה דאַנק השם יתברך, גרויסע מיצליחים און בריות אין וועלט־זאַכען, און אַזוי ווי מיין בת־יחידה, צופּע פּיינע שתחי׳, איז נעבעך נעשטראָפט געוואָרען פון דעם רבונו־של־עולם מיט אַ שווער'ן מזל, און איהר מאַן, צמח דוד שיחיה, איז ניט קיין מוצלח, און איז, לא עלינו, אַ גרויסער נצרך, — לכן מהו איך טהאָן איבערלאָזען די שטוב מיט דער מיהל צו מיין איידעם המכונה צמח דוד בהרב ר׳ מרדכי צבי בערקאָוויץ; די כלי־בית — לבני היקר אברהם, אין דעם ווילנער ש״ס, און דעם טלית מיט דער עטרה — לבני היקר הצעיר פסח.

די נחלה געהט איבער צו מיין איידעם, בתנאי ער זאָל סילוקן שליש מאות כסף (300 רו״ב) לבני היקר אברהם, און שני מאות כסף (200 רו״ב) לבני הצעיר פסח. דער חוב זאָל נעסילוק'ט ווערען במשך שנה אחת, פון דעם טאָג, וואָס מיין איידעם וועט איבערנעהמען די נחלה.

בטוח אנכי, איך בין זיכער, אַז בני היקרים וועלען קיין תרעומות ניט האָבען און וועלען לעבען בשלום ושלוה מיט זיי־

ער שוועסטער ציפּע פּייגע שתּחיה און עס בעלה צמח דוד. כּי כּך אני רוצה, אַזוי איז מיין ווילען, וואָס איז פערשריבען און געחתמ'ט געוואָרען אין מיין פולען פערשטאַנד, י״ח תּמוז, שנת . . .״

אַז ר' ליב איז געשטאָרבען און די צואה איז בעקאַנט געוואָרען, האָבען די זוהן יאָ פעראיבעל געהאַט, און טאַקי גרויס פעראיבעל, אָבער צו קיין מחליקת איז נישט געקומען.

— אַזאַ הרעה־קאָפּ, אַזאַ פּלוט, ער וועט דאָך מאַכען אַ תּל פון דער נחלה! — האָט געטענה'ט פּסח דער יונגערער — און וואו איז גלאַט דער יושר אַ אײדעם זאָל זיין דער יורש און זוהן זאָלען בלייבען אויסגעשטעלט?

— אודאי איז עס געווען אַ קרומע זאַך פונ'ם טאַטע'ן, עליו השלום, איבערצולאָזען אַזאַ שפּע, קיין עין־הרע, פאַר אַזאַ היטין־קאָפּ, — האָט מסכּים געווען דער עלטערער און געלאַ־סענער אברהם, — נאָר גאָרנישט, אַזוי איז געווען דעם שוכן־עפר'ס רצון, דאַרף מען קיין רייד נישט מאַכען. זאָלען לייב נישט זאָגען: מ'קען זיך מיט דער ירושה ניט צוטהיילען.

דער היטציגער פּסח אָבער האָט זיך נישט געקענט בּע־רוהיגען:

— אודאי איז פערפאַלען . . . די צואה וועט מען שוין נישט איבערמאַכען . . . נאָר דאָס עגמת נפש דערפון . . . ווען איך ווייס עס, ווען איך ווייס עס! . . נאָר דו הערסט וואָס איך וועל דיר זאָגען אברהם? אַ וועקסעלע מיט אַ שטר־עיסקא אויף מיינע צוויי הונדערט קערבלעך וועל איך אודאי פאַרליערען. לאָמיר האָטש מיט מיינע כּשר'ע עטליכע קערבלעך זיכער זיין.

— אפשר אַ בזיון פאַר'ן מת? — האָט דער עלטערער געקווײנקעלט.

— חלילה נישט געגען דעם רצון פון מת — האָט פּסח אויפגעוויזען. עס שטעהט דען אין דער צואה, אַז ער איז נישט מחויב צו בעוואָהרענען דעם חוב? אַדרבּא, עס שטעהט בפירוש: „סילוק'ן במשך שנה אחת״. נעהם־זשע קיין וועקסעל נישט, וועט ער געוויס נישט בעצאָהלען צו דער צייט, וואָס וועט זיין גראָד געגען דעם רצון פונ'ם טאַטע'ן, עליו־השלום. לאָמיר־זשע לכל הפּחות בּעוואָרענען זיך, אַז ס'וועט נישט קומען

צו בויין המת...

וועט אברהם, אַז פּסח רעדט גלייכע דיבּורים, האָט ער מסכּים געווען, אַז זיי דאַרפֿען בּיידע פֿאָרערען וועקסלען.

צמח'ן האָט עס דוקא נישט געאַהרט. איהר ווילט וועק־סעלען, זאָל זיין וועקסעלען.

האָט ער אָהן טענות אונטערגעציקט מיט זיין שעהנעם כּתב די וועקסעלען, און גלייך גענומען זיך צו דער מיהל.

קודם האָט ער אַריינגעשטעלט נאָך א פּאָר שטיינער.

— זאָל זיך אָקאָרשט רודערן — האָט ער געזאָגט.

דערנאָך האָט ער איינגעזעהן, אַז אין מיהל איז ענג, ער האָט גענומען צו בּויען אַ פֿליגעל. וואָס האָט זיך געפּאַסט צום מיהל, ווי אַ סוכּה צו אַ מרחץ. שפּעטער איז איהם איינגע־פֿאַלען: אַ בּלעכענעם דאַך דאַרף ער. אַ גאָנטאָווער דאַך איז אַ סכּנה: איין פֿונק — און אויס מיהל, מיט אַ מאָל איז ער זיך מיושב — „וואַלצעס“, מיט אַ וואַלצאָווען מיהל קען מען עפּעס אויפטאָן. דערנאָך האָט זיך איהם פֿערוויילט אַ נייעם „צי־לינדער“. און אַ שילד און געפּאַרבטע טהויערען, און אַ שטאַ־קעטעל אַרום מיהל...

בקיצור, גאַנצע זעקס חדשים איז די מיהל געשטאַנען „אונטער רעמאָנט“, און האָט נישט געקענט מאָהלען; נאָך די זעקס חדשים, האָט צמח געהאַט „אַ מיהל ווי אַ ליאַלקע“. יעקב'ן האָט בּמעט נישט געראַטן, זאָל צו מאָהלען. מיטן איצעלע פּינקעל, דער קאָנקורענט זיינער, האָט דערווייל נישט געשלאָפֿען און פֿערכאַפּט אַלע קונדען.

אַז צמח האָט זיך נאָך אַלעם אויסגערעכענט, האָט ער געזעהן, אַז אַרום און אַרום איז ער בּסך הכּל שולדיג קרוב צו דריי אַלפּים קערבלעך. די שוואָגער'ס פֿינף מאות רעכענט ער נישט. דאָס איז דאָך בּלאָטע...

לאָזט זיך אָבער אויס, אַז די שוואָגערס פֿינף איז דוקא נישט „בּלאָטע“...

זיי האָבען פֿון אָנהויב אָן צונעקוקט, וואָס'ערע טעשים ער מהוט דאָ אָב, און זענען געווען מלא רציחות: כמעט, אוי „צוזינישטשען“ אַ גאָלדענעם געשעפֿט! אַזוי פֿערפּלוטען זיך!

שמועסען מיט איהם, איז דאָך ניט שייך ער הערט, אַז

פנים, ווען דער פלוט!?

אָבער ווען ס'איז געקומען דער טערמין פון ווייטערע צאָה-לונגען, און צמח האָט זיי אַ זאָג געטהאָן: „חוזק מאַכט איהר — ווי קומט צו מיר געלד?“ — האָבען זיי זיך שטאַרק צוקריוועט מיט איהם, און געלאָזען פּראָטעסטירען זיינע וועקסעלען.

— אַזאַ דרעה־קאָפּ, אַזאַ שווינדלער! אסור לרחם אויף איהם!

מיט די פריעמדע קרעדיטאָרען האָט ער אפילו געהאט ווייניגער, נאָר ס'האָט יעניג געהאָלפען: די וועקסעלען זיינע איינע נאָך די אַנדערע געגאַנגען צו פּראָטעסט.

צמח איז אָבער נישט פון די שרעקענדיגע יורען. ער ווייסט זיי וואוזען, די שקצים, ווי צו פיהרען משפטים!

און פאַר צמח'ן האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער עסק: לויפען אין געריכט, פון געריכט צום סודיעבנעם פּריסטאַוו, פון פּריסטאַוו צו די קרעדיטאָרען, פון זיי — צו איין אַדוואָקאַט, פון איין אַדוואָקאַט צום צווייטען, געשמייעט געהאַוועט, און גע־פיהלט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער, עפּעס רודערט זיך, עפּעס טהוט זיך!..

איינס נאָר האָט איהם געדריקט: די אַדוואָקאַטען שטעלען איהם בדלות.

נאָר דערצו האָט ער אויך גיך געפונען איין עצה

— אויף טוויזענד כפּרות דאַרף איך די אַדוואָקאַטען — האָט ער זיך מיט אַמאָל מישב געווען — פאַר צוויי רובעל מיט אַ פערטעלע קויף איך אַ „זאַקאָניק“, וואו איך קען געפינען אַלע זאַקאָנען מיט פאַרטיגע נוסחאות פון פּראָשעניעס, קאַסאַצ־יעס מיט אַלע זיעבען זאַכען...

געזאָגט און געטהאָן:

אויף מאָרגען איז שוין צמח געזעסען איבער'ן „זאַקאָניק“ — געשריבען פון דאָרטען אַרויס פּראָשעניעס, פּראָטעסטען, אַפּעלאַציעס, קאַסאַציעס...

אָבער געהאָלפען האָט עס ווייניג: צאָהלען האָט מען גע־מוזט, און מיט וואָס צו צאָהלען — איז ניט געווען.

און אין אַ פינסטערען שבת צונאַכט, נעמט די מיהל איך ברענט גאָר אָב...

אַז אַ מוֹהל שטעהט אונטער'ן שטאָרט און די שרפה שאַרט קיינעם נישט, דאַרף עס ווערען אַהרען, אַז זי ברענט אָב?

פונדעסטוועגען האָבען זיך געפונען בעלנים צו דערלאַנגען אַ מכותה'לע...

און געגען צמח'ן הויבט זיך אָן אַ מיאוסער פּראָצעס.

איז פון סטראַכאָווקע אָבגעהמען שמועסט מען דאָך שוין נישט. דער עיקר איז געווען: ווי דאַטעהועט מען דאָ אַרויס דעם נפש?...

זיין שטאָרט איז געוואָרען אַ טומעל: סמייטש, מ'ווערט לאָזען אַ יודען געהן איף קאַטאָרגע!

האָבען זיך בעלי־בתים אַריינגעלעגט, די שיינע ידים, ווי ברוגז זיי זענען נישט געוועזן — האָבען איך נישט איין הונדערטער אויסגעבראַכט. צמח אַליין האָט פון זיך דאָס לעצטע העמד פערקויפט. ביז מען האָט איהם, גאָט צו דאַנקען, אַרויסגעדרעהט פון גוישע הענד.

קיין סטראַכאָווקע האָט ער פונדעסטוועגען נישט געגומען; געהייסען האָט עס: אונטערגעצונדען האָט ער נישט, אָבער ער איז אַליין שולדיג אין דער שרפה; נישט פאָרזיכטיג געווען.

— איהר מעגט, ר׳ צמח, גומל בענטשען, וואָס איהר זייט מיט'ן לעבען אַרויס — האָט מען איהם אין שוהל געזאָגט.

מיט'ן לעבען איז ער אַרויס, וואו נעהמט מען אָבער צום לעבען? האָטש נעהם און גיעה אין די הייזער! איז דאָך אָבער נאָך אַ טאַטע, גיעט ער איהם איין אַ געדאַנק: „פאַרוואָס נישט נעהמען זיך צו אַדוואָקאַטסווע?“ זאַקאָנעס ווייס ער, און וואָס ער וועט נישט וויסען, וועט ער אַ קוק טהון אין „זאַקאָניק“... איז פּלוטעווסקי דער פּראָשעניע־שרייבער מעהר קלוגער פון איהם? — פונדעסטוועגען, ווי ער לעבט עס אַביסעל!

און צמח האָט זיך גלייך גענומען צו דער נייער פרנסה.

קומט אַ זונטאָג, נעהמט ער עטליכע בויגען פּאַפּיער, אַ פלעשעלע טינט, אַ פעדער הינטער'ן אויער, שטעקט אַריין אין די אכסניות און פרעגט זיך ביי די פויערן:

— „מאָזשע פּראָשעניע טרעבאַ פּיסאַט, אַלבאָ נאַדאַ זשאַלאָבע?“

און אויב ס'מאַכט זיך אַ „דיעלע", גיט ער אַ וויש אָב מיט'ן פּאָלע אַ ווינקעל טיש, צולעגט זיך מיט די קלאַפּערגעצייג, און טאַקי דאָ אויפ'ן אָרט שרייבט ער אָן אַ פּראָשעניע, און קריגט אַ מאָל פערציג גראָשען במזומנים, אַמאָל גיט אַ פּויער אַנ'אַלטעלע קאַרטאָפעל, אַ צעהנדליג אייער, צי אַ טעסטעל בוריקעס, אַ פּאָר קעפּ קרויט.

ביסלעכווייז האָט ער געקראָגען דעם נאָמען: „צמח אַדוואָקאַט", און האָט גע'שמ'ט פאַר אַ מומחה הן צווישען יודען, הן צווישען ערלים אין דער גאַנצער סביבה. דער עולם האָט אָנגעהויבען געהן צו איהם מעהר, ווי צו פּלוטעווסקי'ן. ווער עס דאַרף אַ לגאַטע מאַכען פאַר אַ זוהן, ווער עס דאַרף זיך אַרויסדרעהען פון אַנ'אַקט, וואָס מ'האָט איהם געמאַכט פאַר אַ „שמעטניק" נעבען שטיב, צי אַ וועקסעל איינגעבען — געהט צו צמח'ן און בלייבט צופריעדען. צמח הערט אויס גלעטענדיג די באָרד, נעהמט מיושב'דיג דעם „זאַקאָניק", זוכט נאָך וואָס מען בעדאַרף, און זאָגט אַרויס זיכער:

— ס'וועט שוין רעכט זיין!...

נאָך אַ פּאָר יאָהר פּראַקטיק, איז ער שוין געוועזען אַזאַ בקי אין די זאַקאָנעס, אַז ער האָט כמעט אויפגעהערט צו קוקען אין בוך אַריין.

זעהענדיג, אַז צמח בענוצט זיך שוין גאַנץ ווייניג מיט בוך, האָט ציפּע־פייגע ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו בענוצען זיך מיט זיינע בלעטער צום קיך.

— אויף קיין פּאַפּיער איז ניט אַזוי גוט צובאַקען אַ טאָרט אָדער אַ פּוטער־קוכען, ווי אויף מיין צמח'ס זאַקאָנעס — פלעגט ציפּע־פייגע זאָגען.

איז אָבער נישט בעשערט געווען, ציפּע־פייגע זאָל לאַנג באַקען און צמח זאָל עסען טאָרטען מיט פּוטער־קוכענס.

אין אַ הייסען זומער־טאָג, פאַלט צו איהם אַריין זעליג קרעטשמער אַ רויטער, אַ פערסאַפּעטער:

— ר' צמח, ראַטעוועט! איך בין אומגליקליך!...

— נו, נו, לאָמיר הערען — מאַכט צמח מיט די גאַנצע קאַלט־בלוטיגקייט פון אַ געניטען אַדוואָקאַט — זעצט זיך אַוועק, דערצעהלט.

— איהר ווייסט דאָך, ר׳ צמח, קען מען עפּעס לעבען היינטיגע צייטען פון קרעטשמע?... האַלט מען אַ קאָפּ בראַנ־פען... געהט מיקאָלקע און מסר׳ט... געקומען דער אַקציזניק... געמאַלט אַנ׳אַקט... אומגליקליך בין איך... מיט וואָס שמעקט עס, מיט וואָס?...

אַזאַ „דיעלאָ״ האָט צמח געהאַט דאָס ערשטע מאָל און ער האָט דעריבער ניט געוואוסט, וואָס קומט פאַר פערקויפען בראַנ־פען אָהן פּאַטענט, נאָר דער „זאַקאָניק״ לעבט דאָך נאָך, האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטהון:

— ציפּע־פייגע, דערלאַנג נאָר אַהער דעם „זאַקאָניק״!

ציפּע פייגע האָט דערלאַנגט דעם צושאָטענעם „זאַקאָניק״ דער „אדוואָקאַט״ האָט איינגעוואָרפט דעם נייטיגען געזעץ: „בראַנפען־פערקויף אָהן אַ פּאַטענט״, און האָט הויך און געלאַסען גענומען לייענען:

„פּאַראַגראַף 374, ערשטער באַנד פון שטראָף־געזעץ. פאַר פערקויפען בראַנפען אָהן אַ פּאַטענט, ווערט דער שולדיגער בעשטראָפט״...

און ניט בעמערקענדיג, אַז גאַנצע צעהן בלעטער וועגען איינגעריכטען האָט ער געלייענט ווייטער אויפ׳ן צווייטען בלאַט:

„ליטשענייע ווסעך פּראַוו סאָסטאָיאַניאַ... — דאָס הייסט מען נעהמט ביי אייך אָב אַלע פּראַוועס... אי סעליענייע — און ווערט פערשיקט, הייסט עס נאַ קאַטאָרזשנייע ראַבאָטי איף צוואַנציג יאָהר, הייסט עס — קאַטאָרזשנע אַרבייט, סאָ וסעמי פּאָסליעדסטוויאַמי... מיט אַלע הייסט עס פאָלגען, וואָס דער זאַקאָן שרייבט צו... היינו טעליעס־נייע נאַקאַזאַניע, שמייסען, הייסט עס, פּאָסטעלעניע אי מאָטי פּאָדראָבנאָ...

אַ מיאוס׳ע מעשה! — האָט דער אַדוואָקאַט אָבגעזיפצט — נאָר...

נאָר דאָ האָט זעליג אַרויסגעלאָזען אַ ווילדען „אוי״ איז גע־פאַלען צו דער ערד און געחלש׳ט צום טויט...

פון דאַמאָלס אָן האָט צמח פערלוירען די גאַנצע פּראַקטיקע צו אַנ׳אַדוואָקאַט, וואָס גיעט צוואַנציג יאָהר קאַטאָרגע פאַר בראַנ־פען פערקויפען אָהן אַ פּאַטענט, האָט קיינער נישט געוואָלט געהן, און צמח איז ווייטער געבליעבען אָהן אַ פּרנסה און אָהן אַ נאָמען...

---

# דאַטשעס.

---

שוין דעם ערשטען זומער נאָך דער חתונה, האָט וויגאָרסקי'ס ווייב אָנגעהויבען טענה'ן, אַז זי ווערט דאָ „אין זיין מאָסקוואַ“ דערשטיקט. האָט ער גענומען, און אַוועקגעשיקט זי אויפ'ן זומער צו טאַטע־מאַמע קיין שקלאָוו, איז געווען אַ כפרה אַלע דאַטשעס. דאָס צווייטע יאָהר איז זי אויפ'ס ניי אַהין געפאָהרען: אַ קינד־בעט פּראַווען.

דאָס דריטע יאָהר פאַלט איהר איין צו לעגען זיך אין בעט אום סאַמע ערב־פּסח און אָבהאָבען אַ צווילינג. האָט זי קיינער כּח נישט געהאַט צו פאָהרען מיט דריי פּיצלעך קינדער קיין שקלאָוו, און טאַטע־מאַמע האָבען קיין חשק נישט געהאַט צו האָבען ביי זיך אַן' אויסגעגעבענע טאָכטער מיט אַ גאַנצע געזינדעל, קיין עין־הרע.

אַ אויסגעגעבען קינד איז אַ אָבגעשניטענע המוציא... מען דאַנקט גאָט, אַז מען שפּייזט זיך אַליין דורך.

האָט זי אָנגעהויבען בעטען איהם, דעם מאַן איהרען, הייסט עס, ער זאָל דינגען אַ דאַטשע.

עס געהט איהר נישט אַזוי וועגען די פרישע לופט, ווי עס פּאַסט נישט פאַר לייטען צו זיצען זומער אין שטאָדט.

וויל ער, דער מאַן איהרער, אַפילו נישט הערען.

— ווי קומט, זאָגט ער, אַ פּריקאַזטשיק, וואָס נעהמט פינף־און־זיבציג קאַרבאָוואָנצעס אַ חודש, צו דאַטשעס?

טענה'ט זי:

— למאַי קלײנמאַנ׳ס װײַב פּאָהרט ?

זאָגט ער מיט אַ װאונק :

— װאָס קלײנמאַן קען, קען איך נישט. דאָס איז אַ מענש מיט אַנ׳אַנדערע האַנד . . .

— איז, הײסט עס, זאָל די שטיק פלײש זיצען אױף דאַטשע׳ס, און איך זאָל זיך שטיקען מיט ברעקליך קינדער אין שטאָדט ?

— זאָל איך, הײסט עס, טהון, װאָס קלײנמאַן טהוט ? — ענטפערט ער מיט אַ פראַגע.

װײל זי איהם אײנשמועסען, אַז עס װעט טײַערער נישט קאָסטען : די דירה אין שטאָדט קען מען אָבזאָגען, נעהמען אַ דאַטשע אין בלאָטאָװקע, און טהון, װאָס אַלע טהוען.

— װאָס, „זײַצעס" האַלטען ? — װערט ער צוקאָכט — דאָס פעהלט מיר נאָך !

— װאָס איז אונזער אַלע האַלטען, מעגען מיר איך האַלטען. צװײ גוטע „זײַצעס" בעצאָהלען פאַר דער גאַנצער דאַטשע.

— אָדער דער בעל־הבית בעצאָהלט 500 רובל — פאַלט ער איהר אַרײַן אין די רעד.

— זאָלען זײ דאָס מעהר נישט האָבען אױף זיך, װאָס זײ האָבען בײַ דיר װאָס צו נעהמען.

— איז דרײַ חדשים זיצען — נאָך בעסער !

— ס׳איז גאָר נישט אַזױ געפעהרליך. ז׳ער בלאָטאָװקער „קנעפּעל" איז דאָרטען אַנ׳אײנגענער מענש, און אַז מען װעהט זיך מיט איהם אַלע חודש, קוקט ער אין יענעם װינקעל נים . . . אדרבה, ער האָט גאָר ליעב, אַז אין בלאָטאָװקע זאָלען זײַן אַ סך יודישע דאַטשניקעס . . . ס׳איז פרעהליכער, זאָגט ער . . . ער דערלעגט עפּעס צו זײ, װאָס ?

דער מאַן אָבער האָט גאָר נישט געװאָלט הערען דערפון.

— דאַטשעס זענען נישט פאַר װינאָרסקי׳ן — האָט ער זיך אײַנגעשפּאַרט, — אין האַלטען „טרפה" יורען, עס זאָל איהם אַלע װײַלע אָבריַיסען זיך אין האַרצען, — װײל ער נישט.

און אַזױ יאָהר אײַן, יאָהר אױס הױבט זי אָן שױן פון נאָך פּורים אָן, אײַנצו׳טענה׳ן װעגען אַ דאַטשע, און ער בלײַבט בײַ דאָס זײַניגע :

— אַ אָרִימאַן טאָר זִיךְ נִישט גלוּסטעֶן . . .

אָבעֶר הײַנטִיגעֶס יאָהר האָט זִי אויסגעֶפִיהרט.

דִי חאָלעֶראַ האָט זִיךְ אַרײַנגעֶחאַפּט אִין דעֶר גרויסעֶר שטאָדט און געֶקאָסעֶט אויף לִינקס און רעֶכטס.

אַ מורא אִיז אָנגעֶפאַלעֶן אויף דִי אײַנוואוינעֶר. יעֶדעֶרן האָט זִיךְ געֶדוּכט, אַז דעֶר שרעֶקלִיכעֶר גאַסט געֶהט אִיהם נאָךְ פוּן הִינטעֶן און וואַרט אויף אַ גִינסטִיגעֶר מִינוּט אָנצוּחאַפּעֶן אִיהם בײַם גאָרגעֶל . . .

ווער עֶס האָט נאָר געֶקענט, אִיז געֶלאָפעֶן פוּן שטאָדט, ווער צוּ פרײַנד אִין דעֶר פּראָווִינץ, און ווער — אויף דאַטשעֶס, אִין וואַלד, אִין דאָרף, אַבִי אִין שטאָדט נִישט זײַן.

מלכה, וויִגאָדסקִי׳ס ווײַב, האָט זִיךְ גאָר מִיט פרִישעֶ כחות געֶנוּמעֶן אײַנ׳טענה׳ן ווענעֶן אַ דאַטשעֶ.

וויִגאָדסקִי האָט אַפילוּ מודה געֶוועֶן, אַז אַ דאַטשעֶ וואָלט געֶוועֶן אַ נויטִיגעֶ זאַךְ אִין אַזאַ צײַט, נאָר וואָס זאָל מעֶן טהוּן, אַז מעֶן קעֶן נִישט:

מאַכט זִיךְ צוּ אִיהר „גלִיק", אַז דאָס קלעֶנסטעֶ קִינד ווערט קראַנק אויפ׳ן מעֶנעֶנדעֶל, גאָר אויפ׳ן מיאוס׳ן שטײַגעֶר, און באַלד מאַקִי דאָס צווײטעֶ, און דאָס דרִיטעֶ, און דאָס פִירטעֶ, בִיז דִי גאַנצעֶ האַלבעֶטוּיז האָט געֶהאַלטעֶן אִין אײן שרײַעֶן:

— אוי מאַ-מעֶ, דעֶר בויךְ! . . .

אִין אַ חודש אַרוּם זעֶנעֶן צוויי קִינדעֶר — דעֶר צווִילִינג — געֶלעֶגעֶן אויפ׳ן בית-עולם, און דִי אִיבּרִיגעֶ פִיעֶר — אִין דִי בעֶטלעֶך, בלאַסעֶ, אויסגעֶצעֶהרטעֶ פוּן דעֶר שוועֶרעֶר, געֶפעֶהר-לִיכעֶר „האַלבעֶר חאָלעֶראַ".

— נוּ, וואָס זאָגסטוּ אִיצט? דאַרף מעֶן אַ דאַטשעֶ? — האָט מלכה מִיט אַ שטאָך געֶפרעֶגט דעֶם מאַן אִיהרעֶן — נִישט פאַר מִיר, פאַר דִי קִינדעֶר דײַנעֶ, וועה צוּ מײַנעֶ יאָהרעֶן.

וויִגאָדסקִי האָט קײן האַרץ נִישט געֶהאַט צוּ זאָגעֶן „נײן".

און אִין אַ פאָר וואָכעֶן אַרוּם אִיז זִי מִיט דִי קִינדעֶר שוין אִיבּעֶרגעֶפאָהרעֶן קײן בלאָטאָווקעֶ, און וויִגאָדסקִי אַלײן אִיז געֶ-בלִיבעֶן אִין שטאָדט.

—וועֶל אִיךְ קעֶנעֶן, וועֶל אִיךְ זִיךְ וועֶן נִישט אויסרײַ

סעֶן צו איַיך — האָט עֶר געֶזאָגט — דו ווייסט דאָך אונזעֶר פינפטעֶר ברויט: ניִשט שבת, ניִשט זונטאָג

---

געֶקומעֶן אויף דעֶר דאַטשעֶ, האָט מלכה וויִנאָרסקי קודם אַרויסגעֶהאַנגעֶן אַ צעֶטעֶל:

„אַ ציִמעֶר צו פעֶרדונגעֶן".

און איידעֶר זי האָט נאָך צייט געֶהאַט פונאַנדעֶרצופאַקעֶן זיך, האָבעֶן זיך שוין אָנגעֶהויבעֶן צו בעֶוויַיזעֶן מיִטעֶל־יאָהריגעֶ סוהריִשעֶ ייִדעֶן, אויסגעֶפוצטעֶ יונגעֶ לייט מיִט פעֶרדרעֶהטעֶ וואָנצעֶן, יודעֶן „פעֶרפאָניעֶטעֶ" — אַלץ בעלנים אויפ'ן ציִמעֶר.

בעֶטראַכט, פעֶרבייגעֶהעֶנדיג דעֶם „ציִמעֶר" — אַ ספּיִזשאַרנעֶ אויפגעֶשלאָגעֶן פון ברעֶטעֶר מיִט גרויסעֶ שפּאַלטעֶן צווישעֶן — אויף גיך פאַרטיג געֶוואָרעֶן מיִט'ן מקח, נעֶהמט מעֶן אַרויס די בייטעֶל, און קלייבעֶנדיג זיך געֶבעֶן האַנד־געֶלד, גיִעט מעֶן, כלומר'שט, פעֶרבייגעֶהעֶנדיג, אַ פרעֶג:

— נו, און וואָס איז מ'כח... ע—ע?...

— כ'וויַיס? — טאַכט וויִנאָרסקיִכעֶ קנייטשעֶנדיג דעֶם שטעֶרעֶן, כ'וויַיס? איך רעֶכעֶן מעֶן ווטט קעֶנעֶן...

— כ'מיין, איהר זעֶנט דאָך עֶפּעֶס אַ היגעֶ, דאַרפט איהר דאָך וויסעֶן... ווי איז עֶפּעֶס דאָ דעֶר „הויפיגעֶר"?

— דעֶר דוואָרניִק? עֶר איז דוקא ניִשקשה, עֶר דאַרף אויך לעֶבעֶן... דעֶר עיקר איז דעֶר „קנעֶפּעֶל". — עֶנטפעֶרט זי בעֶאיינרוהיִגט.

— פאַר דעֶם „קנעֶפּעֶל" זאָל איַיך ניִשט אַרעֶן. מיִט איהם וועֶלעֶן מיר שוין אַליין פאַרטיג ווערעֶן... דעֶר עיקר — דעֶר „הויפיגעֶר" זאָל ניִשט זיין פון די „שוואַרצעֶ".

— ניין, אונזעֶרעֶר איז דוקא ניִשקשה פון אַ „קוואַס".

— און אַ כתיבה האָט איהר?? — גיִעט זי מיִט אַ מאָל אַ פרעֶג.

— וואָס פרעֶגט איהר עֶפּעֶס! ווי דעֶן? אַ כתיבה מיִט אַלעֶ זיִעבעֶן זאַכעֶן. אָבעֶר פעֶר'כתב'עֶנעֶן זיך קעֶן איך ניִשט: וואָרום וואָס וועֶל איך טהון נאָך די דריי חדשים? פאָהרעֶן אַ היים

תּפילין שרייבען? אַ „כתיבה" איז גוט, זי זאָל ליגען אין קעשענע, אָבער ניט אין אוטשאַסטאָק...

— נו, מילא, וואָס קען מען העלפען? מען קען דאָך נישט לאָזען אַ יודען נעכטיגען דרויסען — ווערט זי אַגוטע — גיעט האַנד-געלד.

און אין דער זעלביגער נאַכט, האָבען שוין צוויי „טרפה" יודען גענעכטיגט „רוהיג" אויפ'ן דאַטשע.

אויף מאָרגען האָבען די צוויי יודען געבראַכט פון שטאָדט אַ יונגען-מאַן, וואָס „אַ קוק טהון אויף איהם וועט קיינער ניט זאָגען, אַז דאָס איז אַ יוד", — און געבעטען:

היות, דער יונגערמאַן איז אַ „וופּאָלניע פּריליטשנער" יונגערמאַן, און אַ „פּאָריאַדעטשנער" יונגערמאַן, אַליין פון קריוואָי ראָג און אַנ'אַגענט פון אַ לאָדזער פירמע, און ביז „נאָוויגאָד" איז נאָך געבליבען זיבען חדשים, און אויף דער „דאָווערנאָסט" האָט ער נאָך צו „לעבען" דריי חדשים, בכן, וואָלט ער געוואָלט איבערשטופען דעם זומער אין בלאָטאָוקע אויף דאַטשע — . אין אַזוי ווי דער היגער „הויפּיגער" איז אַ ערל, וואָס לאָזט זיך קנעלען, וואָלט ער געוואָלט די מאַדאַם וויגאָדסקי זאָל איהם אַריינעהמען צו זיך אין דירה...

דער „מאַדאַם וויגאָדסקי" איז אַ ודאי געווען אַ שאָד אַרויסצולאָזען אַ שכן. און נאָך דערצו אַזאַ שכן, וואָס איז אַ „וופּאָלניע פּריליטשנער" יונגערמאַן, און אַ פּאָריאַדעטשנער יונגערמאַן און, וואָס אַ קוק טהאָן אויף איהם, וועט קיינער ניט זאָגען, אַז דאָס איז אַ יוד, — נאָר ליידער האָט זי מעהר ניט קיין „צימערען" צו פּערדינגען און ביי זיך אין צימער קען זי דאָך איהם ניט לעגען.

איז אָבער דער יונגער-מאַן דוקא קיין מקפּיד ניט געוועזן; ביי איהם, זאָגט ער, איז רעכט אַ גאַנץ זומער שלאָפען אויפ'ן ווערענדע... ס'איז דאָך ערשטער שמאָק... מאָמער וועט רעגענען, וועלען איהם די צוויי אַנדערע שכנים אַריינעהמען צו זיך אין קעמערעל... מען איז דאָך יודען... וואָרים בכך-הכל איז איהם ניט אַזוי וואַזשנע די דאַטשע, ווי דאָס „איבערשטופען" די דריי חדשים... אין שטאָדט איז היצטער אַ טאָג נישט צו זיין ניט אַ „צוגעכתב'עטער"... און די מאַדאַם וויגאָדסקי איז

דאָך אַזאַ גוטע, און זי פערשטעהט דאָך זיין לאַגע, און בעצאָהלען, ווי עס געהער צו זיין, קען ער גאָט צו דאַנקען אויך, און אַ גאַנצען טאָג איז ער דאָך אין שטאָדט, ס'איז דאָך נישט מעהר, ווי איבערנעכטיגען. איז וואָס אַרט עס איהר?... האָ צוויי „זייצעס" — דאָרטען אַ דריטער... און ער בעצאָהלט פאַר'ן זומער פאָראויס...

הכלל, דער „פּרילוטשנער". אין דער „וועזשליוויער" און דער שעהנער יונגערמאַן, האָט גערעדט אַזוי לאַנג, אין אַזוי גלאַט, און אַזוי ווייך. און אַזוי האַרצענדיג, ביז די „מאַדאַם וויגאָדסקי" איז געבליבען שטעהן מיט אַ פינף-און-צוואַנציגער אין האַנד — פאַר'ן זומער פאָראויס — און דער שעהנער יונגערמאַן האָט זיך אויסגעבעט אויפ'ן וועראַנדע...

---

איינגעאָרדענט מיט די שכנים, האָט די „מאַדאַם וויגאָדסקי" אָנגעהויבען הנאה האָבען פון דער דאַטשע:

אַ גאַנצען טאָג געראַוטמט און געשייערט, און געוואַשען, און געפּליעט קליידעלעך, און געצירעוועט זעקעלעך, און געניהט פאַרטיכלעך, און געצווייגען קינדערשע קאָפּעלעך, און געפּלאָנטען צעפּעלעך, און פערשטעקט העמדעלעך....

זי וועט דאָך נישט לאָזען איהרע קינדער זאָלען אַרום אין גאַס ערגער פון לייטישע...

שפּעטער צו, האָבען די צוויי עלטערע יודען אָנגעהויבען בעטען: אפשר קען זיי די „מאַדאַם וויגאָדסקי" טהון די טובה און אויסקאָכען פאַר זיי וואָס צו עסען?

— אַ גאַנצען טאָג געהט מען אום אין שטאָדט פערטרייקענטע — מ'וועט דאָך ניט געהן צו פּאָניען עסען — וואָלט גוט געווען, אַז ווען מען קומט אין אָבענד אַ היים, זאָל זיין אַ הייסער ביסען, קיין פּאָטראַוועס פערלאַנגען זיי, חלילה, נישט: אַ שטיקעל פליייש מיט קאַרטאָפעל, אַ קאָטלעט און אַ ביסעל קרופּניק — און גאָר...

די „מאַדאַם וויגאָדסקי" האָט איינגערעכענט. אַז ביי איצטיגען יקרות איז דאָס אויך אַ געשעפט: אפשר וועט עפּעס אָבפאַלען פון זייער וואַרמעס פאַר די קינדער.

און איהר איז צוגעקומען נאָך אַ אַרבייט: קאָכען כשר'ע מיטאָגען פאַר „טרפה" יודען.

וויגאָדסקי אַליין פלעגט זעלטען קומען אויפ'ן דאַטשע.

טאָמער פלעגט ער זיך יאָ אַ מאָל אַראָבכאַפּען אויף אַ זונ= טאָג, פלעגט ער אויך אַ גאַנצע נאַכט ניט שלאָפען, ליגענדיג אין איין שרעק פאַר אַ „אָבלאַווע".

— מלכה, דו הערסט? — פלעגט ער וועקען דאָס ווייב אין מיטען דערנאַכט, — דוכט זיך מען קלאַפּט...

— האַ? וואָס?.. — פלעגט זי פרעגען פערשלאָפען.

— דוכט זיך מען קלאַפּט, זאָג איך, מען געהט...

— אוי, וועה איז מיר! וואו געחט מען? — פלעגט זי זיך אַ צישראָקענע אויפזעצען אין בעט, און צודריקען בייד׳ע הענד צו דאָס קלאַפּענדיגע האַרץ...

— כ'האָב עפּעס געהערט, ווי אַ שאָרך אויף די טרעפּ...

— הער זיך נישט צו צו יעדער שאָרך, איך בעט דיך, דאָס האַרץ פאַלט אַזוי אויך איין יעדע מינוט...

— נויטיג געדאַרפט דאָס, האַ?

— כ'ווייס? מ'האָט געזאָגט: דאָ קען מען...

— מע'קען... אין פאָריגע וואָך האָט מען צוגענומען פון ראַנען זעכצעהן „ווייצעס"

— געוואַלד, איך בעט דיך, הער אויף צו ציהען פון מיר די אָדערען! עס שטאַרבען אין מיר אַזוי אויך אָב אַלע גליעדער צעהן מאָהל אַ טאָג.

און אַזוי פלעגען זיי ליגען ביז טאָג, און צוהערען זיך צו יעדער שאָרך, צו יעדער ריהר, און אָבגעגאָסען ווערען מיט אַנגסט=שווייס.

יעדער געשריי פון אַ פערבייגעהענדיגע פערשפּעטיגטע חברה שקצים, פלעגט זיך ביי זיי אָברופען אין די הערצער...

---

איינמאָל, נאָך אַ גרויסע וועש, איז די „מאַדאַם וויגאָדסקי= נאָר אָבענד, אַ געהרג'עטע אַנידערגעפאַלען שלאָפען. די דריי קוואַרטיראַנטען האָבען זיך אויך בעצייטענס צוגעלעגט אויף זיי=

רע געלענערם.
זיינער עלף, ווען דער בראָפּען און פּיפּען-קאָנצערט אין
היזעל האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, — האָט זיך מיט
אַ מאָל ביים טהיר דערהערט פריהער אַ לייכטער קלאַפּ, נאָכהער
אַ שטאַרקערער און אַביסעל אונגעדולדיגער.
ווי מיעד מלכּה איז נישט געווען, האָט זי זיך דאָך אויפ-
געכאַפּט פון דעם ערשטען קלאַפּ, און דער ערשטער געדאַנק
איהרער איז געווען: „פּאָליציע, אַנ'אָבלאַווע"!
דער צווייטער שטאַרקערער קלאַפּ האָט זי אויפגעהויבען
פון געלעגער און, ווי אַ צומישטע האָט זי זיך געדרעהט איבערן
שטוב און געשריען:
— אוי, וועה איז מיר, פּאָליציע!.. שטעהט אויף יודען!..
וואָס טהו איך?! וואָס טהו איך?!!
אין שטוב איז געוואָרען אַ מהומה: דריי יודען אין אונטער-
וועש האָבען זיך געשטופּעט אויף איין אָרט און נישט געוואוסט,
וואָס צו טהון... דער עלטערער האָט געכאַפּט אַ קאָלדרע און,
אַליין נישט וויסענדיג צוליעב וואָס, איבערגעדעקט זיך מיט איהר
איבער'ן קאָפּ... דער שענער יונגערמאַן האָט זיך אַ בלאַסער
אַרומגעדרעהט מיט דער „מאַדאַם'ס" אַ קליידעל אין האַנד...
און די מאַדאַם אַליין איז אַ האַלב-נאַקעטע אומגעלאָפען פון איי-
נעם צום צווייטען און געבראָכען די הענד:
— געוואַלד איך בין דאָך אומגליקליך!... בעהאַלט זיך,
אַ בראָך צו מיר!... קריכט יודען אונטער'ן בעט... שלעפּט
אַראָב די מיטשטוך מ'זאָל אייך נישט זעהן, גזלן איינער!...
וואָס שטעהט איהר?, בעהאַלט זיך אין אַלמער... גיכער!...
איהר הערט ווי מען קלאַפּט?... אוי, וואָס טהו איך מיט אייך
— האָט זי זיך אַ וואָרף געטהון צום שענעם יונגען מאַן —
וואו בעהאַלט מען אייך?... 500 רובל שטראָף, וועה צו מיי-
נע יאָהרען!... אוי, איך שטאַרב!... דריי חדשים אָסטראָג...
און וואַרפענדיג אַ צישראָקענעם בליק אַרום זיך אין צימער
האָט זי, ווי אַ צוטומעלטע אויסגעשאַיען:
קריכט צו מיר אין בעט אַריין און דעקט זיך איבער
איבער'ן קאָפּ, אַ בראָך איז צו מיר אַ גרויסער!...
די קלעפּ אין טהיר זענען דערווייל געוואָרען שטאַרקער

און אונגעדולדיגער. מיט אונטערגעבויגענע, ציטערענדיגע פיס איז די „מאדאם וויגאָדסקי" געגאנגען עפענען די טהיר.

צוקומענדיג נאָהנט, האָט זי פון דרויסען דערהערט דעם מאַנס מידע און האַלב־ברוגז'ע שטימע:

— דו ביזט דאָס מלכה? כ'האָב געריינט איהר זענט דאָרט אַלע אויסגעשטאָרבען, חלילה... שוין אַ שעה אַז איך קלאַפּ און קיינער רופט זיך ניט אָב... דער אַלטער איז אַוועקגעפאָהרען, האָב איך זיך אַרויסגעריסען אויף אַ נאַכט אַ היים...

— דו ביזט עס? — האָט מלכה, ווי מיט פערדרוס געזאָגט, — טפוי, טפוי, טפוי, אין האַרצען האָט זיך מיר אָבגעריסען... די גאַנצע שטוב ט'ער אויפגעהויבען... זאָל איך וויסען, אַז ער וועט אין מיטען דרינען אַריינפאַלען, נו געה שוין אַריין און פערשפּאַר די טהיר... איך וועל געהן זאָגען די יו־דען זיי זאָלען זיך לעגען צוריק אויף זייערע ערטער. —

ווען וויגאָדסקי האָט פערשפּאַרט די טהיר און איז אַריין אין שטוב, האָט ער געהערט, ווי זיין ווייב זאָגט:

— נו, יונגערמאַן, קריעכט אַרויס פון בעט און געהט לעגט זיך אויף אַייער אָרט ס'איז גאָר מיין מאַן געקומען...



# ניט בעשערט.

דעם געזונטען ישובס'ען בחור, יחיאל פופרעווער, פון פופרעווע, האט זיך זעהער געוואלט האבען א שטאַרטיגע ווייב. אַליין נידריג, ברייט, פעסט געבויט, מיט שטאַרקע פיס און געזונדטע מאַכליבטע הענד, מיט אַ גראָיסען, קײַלעכיגען קאָפּ, בעוואַקסען מיט רויטע, האַרטע האָר, און אַ פּנים ברוין און גלאַנציג, ווי אַן אויסגעשײַערטע קופערנע פאַן, — האט זיך איהם שטאַרק געוואָלט זיין ווייב זאל זיין „אַן אַזעלכע, ווי אַ פּאַניענקע.“

הײַנט אַז יונה דער מילכינער, דער שכן זײַערער, איז אײנמאל געקומען פון שטאָדט און געזאָגט, אַז ער האט פאַרגעשלאָגען ר' הערש פלאָקסענעם אַ שידוך מיט יחיאל'ן. און יענער, לאָזט רעדען, — האט עס איהם גלײַך אַ נעהם געטאָן. דערהערט, אַז די כלה איז „אַ זײַדענע זאַך“ געבילדעט און גאָר, שרײַבט אַ בריעף פײַל פון כוינען, דאַרף ניט אָנקומען צו לײַטען מיט אַן אַדרעס, און שטריקט, און העפט, און נעהט און צירעוועט, און לײַענט אַ ביכעל, ווי אַ וואַסער, און חשבונ'ט ווי אַ מאַנסביל, און איז סתם „אַן'אמת'ע פּאַניענקע“, — זינט ער האט דאָס דערהערט, איז ער אַ פערסמאַליעטער געוואָרען, כאָטש שפּאַן שוין איין און פאָהר.

ווען ניט די מאַמע, וואָלט מען אפילו פון נדן ניט גערעדט.

חיענע אָבער, די מאַמע, האט געוואָלט וויסען „בײַ וואָס האַלט עס“.

זאָגט איהר יונה:

— מען זאָגט צו פינף מאות...

צוזאָגען איז נאָך וועהניג — מאַכט חיענע און וואָס באַר אַנ'אויסשטײַער?

— אַ, וואָס רעדט איהר עפּעס, חיענע? אוראי ווערט

אַליין זיין חי׳ מ׳געהער צו זיין... ווער וויל קריוודען אַנ׳איינגענע קינד? אנב, דאַרפט איהר דאָך וויסען מיט וועמען איהר טהוט איך!...

— פסס... אַ קאַטאָוועס! מיט יחוס אַליין לעבט מען נישט...

— פונדעסטוועגען קען מען ר׳ הערש משפּחה אונטערען האַנד נישט אַוועקמאַכען — ניט יונה צו פערשטעהן — באשר ער איז איצט אַ ביסעל געפאַלען אין מעמד, איז נחות דרגא מיט אַ שטאַפּעל נידריגער... אָבער אַזוי...

— נישקשה, מיין יחיאל איז ביי מיר אויך נישט קיין בראַקאָוונע סחורה — נעמט זיך די מאַמע אָן איהר בן־יחיד׳ס קריוודע, — ווער מיר גוטס גינט זאָל נעהמען אַזעלכע חתנים. איך זאָג אייך אויסנע ר׳ יונה, אייב ס׳איז נאָר צוגעזאָגט איז ניטאָ וואָס צו רעדען.

— אַי, וואָס דינגסט דו זיך, מאַמע?.. האָט איהר יחיאל איבערגעשלאָגען אין מיטען. — געהסט דאָ אַ טעלעצע קיפּען, וואָס? קיין ישוב׳עסע מויד וועל איך ניט נעהמען, מ׳זאָל מיך אפילו אָבשיטען... פערשטעהסט?

שטאַרק געשפּאַרט מיט איהם האָט זי זיך ניט. יחיאל איז פאָרט איין אוינ אין קאָפּ. אַגב איז דאָך דער מחותן פאָרט הערש דער פלאַקסענער.

איז געבליבען, אַז יחיאל זאָל דערווייל פאָהרען „אָנקוקען“.

האָט זיך יחיאל גוט אַרומגעשייערט, אָנגעטהון די שבת׳דיגע קאַפּאָטע, אַ פּאָר נייע, גלאַנציגע קאַלאָשען האָבען אין דרויסען איז געוועזען היים און טרוקען, — און מען איז געגאַנגען פאָהרען.

ווען יחיאל מיט יונה׳ן זענען שוין געזעסען אין וואָגען, איז צוגעלאָפען די מאַמע און שפּאַרענדיג יחיאל׳ן אַ פּעקעלע אין האַנד אַריין, האָט זי מיט פערדרוס געזאָגט:

— דו האָסט דאָך נאָך היינט אין דיין מויל נישט גע־האַט? וואָס ביזט דו אַזוי צוקאָכט, וואָס? אָט נאַ דיר אַ בולקע, און די אין פּאַפּיער האָסט דו צום בולקע, וועסט די איבערבייסען. דאָס האַרץ וועט דאָך דיר אַרויספאַלען, ביז די וועסט קומען אין שטאָדט.

יחיאל האָט צוטראָגענערהייט אַריינגעלעגט די בולקע אין וואָגען, דעם פּאַפּיער מיט דעם „צום בולקע“ אַרוק געטאָן אין

קֶעשֶׁענע אַרײַן, אין מען האָט זיך געריהרט אין װעֶג.

געֶנעֶסעֶן האָט עֶר אָבער ניט: דעֶם גאַנצעֶן װעֶג איז עֶר געֶװעֶן ציפּיעל פֿאַרנומען מיט אויספּרעֶגעֶן דעֶם שדכן װעֶגעֶן דעֶר כּלה און מיט צוגרײטעֶן זיך װאָס צו רעֶדעֶן מיט איהר, אַז ס׳זאָל איהם ליעגעֶן אין זינעֶן עֶסעֶן!

---

דעֶרזעֶהעֶן ר׳ הערש׳ס טאָכטער, איז יחיאל גרײט געֶװעֶן האָבען שוין שרײַבעֶן תּנאים: די קלײנינקעֶ, מאָגערינקעֶ ציפּקעֶ, מיט איהר שמאָל פּנים׳ל, מיט איהר לאַנג, דין נעֶזעֶל, מיט איהרעֶ דאָהר, איינגעֶקליבעֶנעֶ שטײף און הויך, װי אַ טהורעֶם אויפ׳ן שפּיץ קעֶפּעֶל, מיט איהרעֶ דינעֶ, װײַטעֶ העֶנד מיט די לאַנגעֶ פינגעֶר, — האָט אין זײַנעֶ אויגען אויסגעֶזעֶהן װי אַ בת־מלכּה.

אָט דאָס איז אַנ׳אײדעלעֶ זאַך!

דעֶר חתן איז אויך געֶפעֶלעֶן געֶװאָרעֶן ר׳ הערש׳ן און שרה־פײגעֶן.

— ס׳איז אַ גרונטאָװער מעֶנש, מיט אַ תּוך... — האָבעֶן זײ צװישעֶן זיך געֶרעֶדט.

די כּלה נאָר האָט זיך געֶברעֶקעֶלט, עֶר איז צו „האַמעֶטנע“ אַ „פֿאָלירטעֶן“ װיל זי.

נאָר אי דעֶר טאַטעֶ, אי די מאַמעֶ, אי דעֶר שדכן, האָבעֶן זיך געֶמאַטעֶרט געֶבעֶן איהר צו פֿערשטעֶהן, װאָס פֿאַר אַ שמאַלץ־גרוב דאָס איז פֿאַר איהר. לכל הפּחות זאָל זי אַ מעֶנשעֶן ניט מבײש זײַן און זיך צום טיש זעֶצעֶן.

האָט זי זיך צוגעֶזעֶצט צום טיש, אויפגעֶפּרעֶסט די ליפּעֶן און געֶשװיגעֶן.

דעֶר חתן האָט געֶטרונקעֶן אײן גלאָז טהעֶ נאָך דעֶר צװײטער, געֶשװיצט אָהן רחמנות און געֶגלאַנצט, װי אַ געֶפּאַלירטעֶר.

זײַנעֶר צעֶהן אין אָבעֶנד, נאָך טהעֶ, האָט יונה אײַנגערוימט יחיאל׳ן אַ סוד, אַז מעֶן דאַרף בעֶטעֶן די כּלה אַ ביסעֶל דורכגעֶהן זיך...

שמאַטעֶלעֶנדיג און אַזש בלוי װערעֶנדיג, האָט יחיאל פֿאַרגעֶשלאָגעֶן ציפּקעֶן:

— אַ קאַפּעֶצקעֶ דורכגעֶהן זיך אויפ׳ן שפּאַציר.

אַרויס אין דרויסעֶן, האָבעֶן זײ זיך בײדעֶ גלײַך דעֶרפֿיהלט עֶפּעֶס פֿרײַער, די נאַכט איז שעֶהן, דעֶר הימעֶל אויס,

געשטערענט, אַ וואַריִם, געשמאַק ווינטעל קיצעלט דאָס פּנים, און דער עיקר — קיינער קוקט אויף זיי ניט מיט אזעלכע מאָרנע אויגען, ווי אין שטוב דאָרטען . . .

נאָר ריידען ווייסען זיי ביידע נישט פון וואָס, ציפּקע האָט געוואַרט, יחיאל זאָל אָנהויבען, און יחיאל האָט זיך געבראָכען דעם מח, ווי פערפיהרט מען אַ שמועס מיט אַ שטאָדטיגע באַרישניע.

פּלוצלינג האָט ער זיך דערמאָנט אָן אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט אַ מאָל געלייענט אין אַ העכסט־אינטערעסאַנטען ראָמאַן.

— האָבען זיי גאָר קיין זאָנען־שירם ? . . . — האָט ער מיט אַ מאָל אַ פרעג געטהון אין אַ מין דייטשמעריש.

נאָר קוים האָט זיך פערקניפּט אַ שמועס, איז שוין דער אייז צושמאָלצען געוואָרען צווישען זיי. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך, אונטער דער ווירקונג פון דער שטילער נאַכט, אָנגעהויבען פיהלען עפּעס נעהנטער, אַזוי ווי זיי וואָלטען שוין יאָהרען לאַנג געשפּאַצירט אויף דער פערוואָרפענער גאַס פון דער שלאָפיגער שטעדטיל.

— זייט מיר מוחל, וואָס איך וויל ביי אייך פרעגען — האָט יחיאל אָנגעהויבען שוין אויף פּראָסט יודיש, — זאָגט מיר: איהר האָט די פּען אין האַנד ?

— די פּען ? וואָס איז שייך ? אַ ביסעל קענען מיר; ניט ערגער פון לייטען — האָט זיך ציפּקע געחנ'דעלט.

— כ'פרעג דאָס אַנטקעגען דעם, וואָס איך אַליין בין אַ מענש, קאַטאָרי איז ניט „לאָווקע" מיט דער פּען . . . מיט קרייד שרייבט זיך, און מיט דער פּען — געהט ניט . . . ניט גע־וואָהנט . . . און שרייבען, גאָט צו דאַנקען, איז פערהאַן וואָס, וואָלט גוט געווען צו האָבען אַ מענשען, וואָס זאָל זיין אַ בריה אין די זאַכען . . .

— אַז ס'וועט אויסקומען — וועט מען קענען — האָט זי מיט שטאָלץ געגעבען אָנצוהערען.

— אָ—אָ—אָט דאָס— אָ מיין איך ! . . . און דערפיה־לענדיג מיט אַ מאָל עפּעס אַ ליבע צוגעבונדענקייט צו דעם מיידעל, וואָס געהט ביי זיין זייט, אָט צו דער קליינינצקער, אָבער געראָטענער וואָס קען אי שרייבען, אי רעכענען און אַלץ מיט דער פּען, — האָט ער מיט אַ וואַרימקייט אויסגערעכענט:

— ביי מיר וועט אַ ווייב גוט זיין . . . ווי אַ קיסרינע וועט

זי לעבען, הערט איהר... באָדען זיך אין כל טוב... אַ פינגער אין קאַלט וואַסער ניט אַריינטהון... נאָר זיץ זיך און שרייב, זיץ זיך און חשבון, ווייטער גאָרנישט... לאָז איך אַזוי לעבען!..

ציפּקעס האַרץ האָט אַ צאַפּעל געטהון פון יעדער מאָרגען ליוי־בעס־ערקלערונג... און, ווי פון זיך אַליין... האָט זי זיך צוגערוקט עפּוואָס נעהנטער צו איהם, און אָנגערירט איהם ביים אַרבל...

ווען זיי זענען צוריק געקומען אַ היים, האָבען אַלע גליי־פערשטאַנען, אַז איינרעדען וועט מען שוין ציפּקען ניט דאַרפען.

דאָס איז געווען צוויי וואָכען פאַר שבועות, איז געבליבען, דער חתן זאָל קומען מיט דער מאַמע׳ן מוצאי יום־טוב אין שטאָדט, און אויב דער מחותנת׳טע וועט געפעלען, זאָל מען מאַכען אַ קבלת־קנין.

נאָר ווען ס׳איז געקומען צום קבלת־קנין, האָט זיך די כלה איפּ׳ס ניט אָנגעהויבען ברעקלען. וויל מען וויסען, וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלוצלינגע איבערקעהרעניש, פערטרויט זי דער מאַמע׳ן פערשעמטערהייד אַ סוד:

— עס שמעקט פון איהם...

פריהער שרה־פייגע, דערנאָך ר׳ הערש אַליין זענען צו־געגאַנגען צום חתן און האָרץ געמוזט מודה זיין, אַז „ס׳הערט זיך טאַקע פון איהם, ווי ניט פריש...“ נאָר צוליעב דעם זאָל אַ שידוך ניט ווערען? — איז דאָך חוזק!

האָט מען געזאָגט ציפּקע׳ן, אַז „ס׳דוכט זיך איהר“, און מען האָט מיט מזל, געמאַכט אַ קבלת קנין.

* * *

אין אַ חודש אַרום, האָט מען אָבגעמאַכט דעם חתן אויף שבת. שבת צו נאַכט האָט געדאַרפט קומען די מאַמע שרייבען תנאים און בעשטעלען די חתונה־צייט.

געקראָגען דעם בריוועלע מיט די פערבעטעניש, האָט זיך יחיאל איפּ׳ס ניט גוט אריינגעשייערט, אָנגעטהון די שבת׳דיגע קאַ־פּאָטע, אַ גומענעם קראַגען, און איז אוועקגעפאָהרען צו דער כלה.

אַריין צו ר׳ הערש׳ן אין שטוב, האָט ער אין ערשטען חדר געטראָפען ציפּקען איינע אַליין. דאָס האָט איהם צוגעגע־בען מוט צו צוגעהן צו איהר, גאָר ווי אַ שטאָדטיגער, געבען

איהר די האַנד און פריינדליך פרעגען:

— וואָס מאַכט איהר?... דו?... ציפּע...

פערשעמט שמייכלענדיג איז איהם ציפּקע אנטקעגען געגאַנגען, נאָר צוקומענדיג נאָהנט צו איהם, איז זי גלייך אָבגעטראָטען צוויי טריט אַ הינטער און ניט ווילענדיג צוגעלעגט די האַנד צום נאָז...

פערשטעהט ניט יחיאל וואָס דאָס בעדייט און געהט נאָך איהר, זי טרעט אָב אַ הינטער, און ער געהט איהר נאָך...

יחיאל האָט אויף איהר אַ קוק געטהון און זיך דערשראָקען.

ציפּקע איז געוועזען בלייך, ווי קאַלך, און האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס.

האָט ער זי אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענד און צושראָקען געפרעגט:

— וואָס איז אייך?.. וואָס איז מיט דיר?.. ניט גוט?.. אַ ביסעל וואַסער... אוי, ראַטעוועט!..

— לאָזט מיך... אוי לאָזט מיך... כ'ווער דערשטיקט.. איך חלש... — האָט זיך ציפּקע געריסען פון זיינע הענד.

יחיאל האָט אָבגעלאָזט די הענד און ציפּקע איז אַרויסגעלאָפען פון צימער.

שטעהט יחיאל און ברעכט זיך דעם מח, וואָס קען דאָ זיין, ערשט עס געהט אַריין שרה־פייגע די מחותנת'טע און נאָך פון שוועל אָנגעהויבען:

— זאָגט מיר נאָר, חתן, וואָס האָסט דו דאָ געטהון מיט מיין טאָכטער, וואָס זי ליעגט און וויינט, האַ?..

— וויינט? — האָט זיך יחיאל דערשראָקען — כ'ווייס ניט, כ'האָב איהר גאָרניט געטהון... עפּעס איז איהר ניט גוט געוואָרען.

— העט נאָר, חתן — איז שרה־פייגע צוגעגאַנגען צו איהם און געוואָלט איהם אָננעהמען ביי'ם קנעפּעל, און גלייך אָבגעטרעטען צוריק — אוי, וואָס איז מיט דיר?! — מען קען דאָך נעבען דיר ניט איינשטעהן! —

יחיאל'ן האָט זיך דער פּנים אָנגעצונדען. און אַ פערלאָרענער, האָט ער גענומען קוקען אַרום זיך.

דער לעצטער איז געקומען ר' הערש אַליין. ר' העריש האָט ניט געגלויבט די ווייבער: ס'חלומט זיך זיי די בהמות. איז ער אַליין אַריין און גלייך אָבגעשטעקט יחיאלן אַ שלום־

עליכם. נאר די זעלבע מינוט האָט ער אַרויסגעריסען די האַנד צוריק, אַרויסגעכאַפּט די טאַבאַקעֶרקע, אָנגעשטאָפּט אַ פולע נאָז מיט טאַבאַק, און ניסענדיג געוואָרפען ווערטער:

— אַ שאַרפער ריח... האַפּטשי!.. זעה אפשר די שטיוועל... האַפּטשי!.. װאָלסט אפילו געגאַנגען אין מרחץ... האַפּטשי!..

יחיאל האָט עס שוין מעהר נישט געקענט אויסהאַלטען. דוים, ווי אַ כורעך, מיט אויגען פול טרעהרען, איז ער אַרויסגעלאָפען פון שטוב, געזעצט זיך אין וואָגען, אַ שמיץ איבער'ן פערד און — צוריק אַהיים,

אַ לאַנגע צייט האָט די מאַמע נישט געקענט דערגעהן בײַ איהם, וואָס האָט פּאַסירט, ערשט ווען ער האָט זיך אָנגעטהון וואָכענדיג און געפיהלט צוריק בעל=הבית בײַ זיך אין דער היים, האָט ער איהר דערצעהלט פון דעם שענעם קבלת=פנים, וואָס ער האָט געהאַט בײַ די מחותנים.

חינע איז אַ צוקאָכטע געוואָרען.

— אַ, זאָל זײַ שמעקען פון די העלזער, ווי פון אַ גע'פגר'טען הערב, מאַמע זיסער!.. האָט איהר געהערט? אַ פרישער, אַ מחיה'דיגער, ווי אַ גרין איגערקעלע, און מיט אַ מאָל נאַ דיר! ס'שמעקט... וואָס האָט געזאָלט זײַן מיר, און דיר, און כל ישראל, זאָל אויסגעהען צו זײַ, צו זייער לײַב און לעבען, צו זייערע הענד און פיס, צו זייערע האָר און נאָר. רבונו=של=עולם!..

ווען ר' הערש האָט אָבגעשיקט דעם קבלת=קנין, האָט חינע דערפון קיין הארץ=וועהטאָג נית געהאַט: גלײַכער ווײַטער פון די בוימאייל=גיסער.

---

ערב=ראש=השנה, ווען יחיאל האָט געדאַרפט פאָהרען אויף ים=טוב אין שטאָדט אַרײַן, איז ער נעגאַנגען אָנטהון די שבת=דיגע קאַפּאָטע, און דערפיהלט אַז מ'קען נאָהנט בײַם קלויזער=אַלמער נית שטעהן... ער האָט גענומען זוכען אין, געפונען אין קאַפּאָטע=קעשענע אַ פּאַפּיער מיט גריבענעס און אַ געגוזענעם לעבערעל, וואָס די מאַמע האָט איהם מיטגעגעבען „צום בולקע", ווען ער איז געפאָהרען אָנקוקען די כלה...



# אױס גענעראַל — אױס יום־טוב.

(אַ פּורים־מעשה'לע)

---

בײַ חאַריטאָן זאַכאַריעװיטש ציםבאַל איז יודישקײַט זעהר שײַער.

און יודישקײַט פּערשטעהט ער אױף זײַן אײגענעם שטײגער:

— װאָס צו גאָט איז — צו גאָט, און װאָס צו לײַטען — איז צו לײַטען — זאָגט ציםבאַל — אַז איך האָב צו טהון מיט פּאָניע קװאַס, מוז איך מיט איהם נעהמען אַ טרונק בראָנפען, און נאָך אַ טרונק בראָנפען קריעכט אַ שטיקעל קאָלבאַסע אַלײן אין מױל אַרײַן, אָבער בײַ מיר אין שטוב — אַלץ כשר! איך בין אַ יוד, פּאָניאַל?... איך האָב, ברודער, פּאַר מײַן יודישקײַט טײַער בעצאָהלט, מיט מײַן אײגענער פּעל בעצאָהלט: אױף אַרבעס אױף די קניע געשטאַנען... מיט הערינג אונז געקאָרמעט... אין באָד געטריבען, דרײַ טעג קײן װאַסער ניט געגעבען... מיר'ן זיך ניט פּאָדאַיעט... פּאָניאַל?.. פּאָטאָמו מיר זענען יודען!.. שוטקאַ־לי דעם טאַטע'נס װיערא!.. דער קאָרפּוסני אַלײן מיר אײַנגערעדט שמד'ן זיך... נײן, ברודער, שאַליש!.. מיר'ן געקענט שטעהן פּאַר אונזער װיערא... ניט װי די הײַנטיגע... מײַן מישקאַ, דער פּאָדלעץ, — װיל ניט מאָליען זיך, דאַוױשע די תפילין אָנמעסטען װיל דאָס ניט... מיר'ן זיך אונטער באָמישקעס בעהאַלטען און געמאָליעט זיך... געזעהן, זײ קענען מיט אונז ניט אױספיהרען — האָבען זײ אונז אָסטאַװעט!.. דאַװישע אװואַזשאַיעט... פּאָטאָמו — מיר'ן אױסגעהאַלטען װי העראָיעס... אַ פּאָלקאָװניק בײַ אונז געװען, אַ שוטניק! — בעגעגענען — באַלד אַ קאָמאַנדעװע טהון:

— נו, ציםבאַל, זשידוניאַ, זינג זשמירעס!..

און איך פלעג זיך זאַליוואַיען:

— חאַ — חאַ שעמערע שבת, חאַ — חאַ — בעני=מאַ=באת...

און ער האָט געקוואָלען...

און דאָ געהען אַוועק מעשות אויף דריי שעה, ווי דער פאָלקאָווניק פלעגט געבען „נאַ וואָדקי", ווי דער יענעראַל האָט „פּאָדטיאַגיוואַט" און יענער — האָט געשריען „מאָלאָדיעץ!" פון דעם „רושאַ=בשעלאָוועק" דעם ראָטנעם, און דעם „פּאָדליעץ" דעם פעלדפעבעל...

וואָרום, אַז צימבאַל הויבט אָן צו רעדען פון וואָיענע, ווען ער אַזוי גיך ניט אויפהערען: פון פעלדפעבעל ביז יענעראַל סקאָבעליעוו קומען אַלע אין זיינע זכרונות. אין רעדען רעדט ער פון זיי ניט אַזאַ הין, אַקוראַט זיי וואָלטען איהם באמת אויף די הענד געטראָגען; מיט אַזאַ שטאָלץ. אַזוי ווי סקאָבעליעוו וואָלט חאָטש געוועזען זיין לייבליבער ברודער...

— אָבער אין פראַוואָסלאַוויע האָבען זיי מיך ניט געקענט אַריינטרייבען — ענדיגט ער געוועהנליך זיין מעשה=דודקי!... חאָריטאָן זאָלאָריטש קען נאָך שטעהן פאַר זיין וויערא!

און זיין וויעראַ האָט טאַקי האַריטאָן זאַבאַריעוויטש נאָך איצט אויך; יום=טובים זענען ביי איהם הייליג, שבת אין שוהל — ער דער ערשטער.

אָבער בעסער פון אַלע יום=טובים זענען איהם געפעלען געוועזען צוויי: שמחת=תורה און פורים.

— אַ סלאַוונער פּראַזדניק שמחת=תורה — זאָגט צימבאַל — געהמסט אַ טרונק בראָנפען, און האָבט נאָך אַ מצוה צוגאָב... אי פּאָטאָם, פּאָלוטשייען מיר טאַקי עפּעס אַ תודה!...

צימבאַל האָט זיך נעהאַט זיינע אייגענע השגות פון יום=טובים, — השגות, אויסגעאַרבייט אין פערלויף פון זעקס=און=דרייסיג יאָהר אין די רוסישע קאַזאַרמעס. — אין זיין מוח האָט זיך איינגעלעגט, אַז יעדען שמחת=תורה קריגען יודען אַ תודה.

אַ חסרון האָט אָבער געהאַט שמחת=תורה — די הקפות.

צימבאַל איז געוועזען אַ שענער בעל=מנגן אין שוהל, און דער גבאי האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב, מכבד צו זיין איהם מיט אַ פסוק פון אתה=הראית.

און דאָס פערשטערט איהם די גאַנצע שמחה.

— מכבד ר' חלאַוונע ברב' זונדעל מיט אַ פסוק פון אתה־הראית! — דערהערט חאַריטאָן זאַכאַריעוויטש.

מיך, שטאָ־לי? — פרעגט ער, ווי ער איז געוואוינט שבת ביים אויפרופען, און ריהרט זיך, פונדעסטוועגען, ניט פון אָרט.

— דיך, דיך, זאַכאַריטש, — שטורכעט איהם זיין שכן אין זייט.

ציממבאַל מאַכט אַ פאָר טריט און בלייבט ווידער שטעהן.

— געה, וואָס האָסטו מורא, טשודאַק! — שטופט איהם אונטער אַ צווייטער.

ביי ציממבאַל'ן אָבער הויבען זיך די פיס ניט: ער ווייס, אַז ער וועט די ציינער צובריבען אין דעם פסוק.

חאַריטאָן זאַכאַריטש האָט איבערהויפט געהאַלטען, אַז די אַלע „רעליגיאָזנע אָבריאַדען" זיינען אַ „ניע אָסאָבענאָ פריאַטניע" זאַך...

— נו, לאָטיאַ־בי, די אויפרופעניש שבת — וויפיעל בלוט האָבען זיי מיר פאָפאָרטשעט!...

ער וואָלט, דוכט זיך, בעסער האָלין געהאַקט, איידער אַרויפגעהן אויפ'ן בימה זאָגען די ברכה. אָנהויבען הויבט ער אפילו אָן גאָר נישקשה, נאָר ווי עס קומט אין מיטען, אַזוי הויבט ער אָן „פוטען"... ער האָט שוין אפילו אויף די עלטערע יאָהרען אַ רבי געדונגען, גאַנצע אָווענדען געזעסען איבער'ן סידור — ס'העלפט אָבער ניט: אין דער היים, ווען דער רבי טייטעלט מיט'ן פינגער, געהט עס, דאַכט זיך, גאָר ווי גע־שמירט; ווי עס קומט אָבער אין שוהל, אַזוי „בטושטשאַיעט" ער זיך און בלייבט שטעקען אין מיטען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קלאָג? — פלעגט ער פרעגען דעם רבי'ן — די „סלאָוועסניאָסטי" געדענקט זיך נאָך איצט אַ'ך, און די ברכות — „ני זאַ קאַקיאַ דענגי!" (פאַר קיין געלד נישט).

— אין די יונגע יאָהרען איז דער זכרון שאַרפער... — גיעט איהם דער רבי צו פערשטעהן.

— נאָר זסיאָ טאַקי, קען מען זיך מיט דער שבת'דיגער ברכה ספראַווליאַיען, פאָרט אַ פריוויטשנע זאַך!.. אָבער דאָ,

די „אַקאָפּעָס” אײן מאָל אין יאָהר — גנַה גערעֶנק!...

נאָר גאָרנישט, אַז מעֶן רופט, מוז מען געֶהן...

טהוט זיך חאַריטאָן זאַכאַריעֶוויטש אָן אַ געֶוואַלדיגען כח, און דערמאָהנעֶנדיג זיך, ווי עֶר האָט אַמאָל געֶנומעֶן פּלעֶוונע „שטורמאָם”, לאָזט עֶר זיך מיט דעֶם זעֶלבען מוט צום עמוד, און נאָך איפּ'ן וועֶג הייבט עֶר שוין אָן אויף אַ מאָרנע דינעֶ קול'כעֶל, וואָס פּאַסט זיך גאָרנישט צו זיין גרויסען פעֶסטען גוף:

— מאַלכ'שקעֶ—מאַלקיש—קעֶלעֶ—לאָטים—וממשלאַקתקאָ—ביל—דעֶר וואָל—דעֶר!.. (מלכותך מלכות כל עולמים וממשלתך בכל דור ודור).

אָבגעֶזאָגט, ווישט ער אָב דעֶם שווייס פון שטעֶרן, קעֶהרט זיך אום „פּאָ וואָיעֶנאָמו”, „גאַלעֶוואָ קרוגאָם” און געֶהט צוריק אויף זיין אָרט.

— איך האָב דיר געֶזאָגט, עֶס איז פּוסטיאַקי... — בעֶגעֶנעֶנט איהם זיין שכן פון דעֶר רעֶכטעֶר זייט.

די „וואָלנעֶ” אָבעֶר שמייכלעֶן, און דאָס שטעֶלט איהם אין האַרצעֶן, וואָרים ווייסעֶן ווייס עֶר, אַז „אין די זאַכעֶן האָבעֶן שוין וואָלנעֶ אַ הונד אויפגעֶגעֶסעֶן”...

פּורים אָבעֶר איז אַ גאַנץ אַנדעֶר מעשה: זאָגעֶן דאַרף מעֶן גאָרנישט, מעֶן דאַרף נאר הערעֶן און פון צייט צו צייט צו־טופּעֶן מיט די פיס... און טופּעֶן האָט צימבאַל געֶקעֶנט.

אגב, איז האַריטאָן זאַכאַריעֶוויטש געֶוועֶן זיכער, אַז פּורים איז אַ „וואָיעֶנעֶר פּראַזדניק”.

אָנהויבעֶן דעֶרפון, וואָס די גאַנצעֶ געֶשיכטעֶ האָט זיך אָבגעֶשפּיעלט אין צאַרסקי דוואָרעֶץ, הייסט די פּאַראַדעֶן מיט די העֶראָלדעֶן פּאָראויס... דעֶר „צעֶרעֶמאָניאַלנעֶר מאַרש” מיט דעֶם בראַווען יודישען געֶנעֶראָל מאָרדוך (מרדכי) אָן דעֶר שפּיץ... דעֶר וואָיעֶנעֶר מיניסטעֶר המן... די סטראַזשעֶ...

און צו וואָיעֶנעֶ איז עֶר דאָך עֶפּעֶס אויך אַ מחותן.

פלעֶגט עֶר טאַקי „ספּראַוולאַיעֶן” פּורים „קאַק סלעֶדויעֶט בויט”.

אַזוי איז געֶוועֶן יאָהרעֶן נאָכאַנאַנד, ביז דעֶר שוואַרץ יאָהר האָט אָנגעֶטראָגעֶן דעֶם שנאָרעֶר.

די מעשה דעֶרפון איז אַזוי געֶוועֶן:

אַ „וואָלנער“ יוד פון דער ליטאָ, האָט זיך פערקליבען אַזש אַהער, אין דער גרויסער רוסישער שטאָדט, און האָט זיך געלאָזען איבער די יודישע נעשעפטען קלויבען נדבות „אויף די קרבנית פון וואַסילקאָווער פאָגראָם“.

אַזעלכע אורחים זענען ביי ציִמבאַל'ן קיין נייעס ניט געווען, און קיין גרויסע שמחה אויך ניט, נאָר היינט איז איהם איינגעפאַלען: ער וועט בעטען דעם יודען צו דער סעודה „פאָ נאַסטאָיאַשטשעמו“...

— שלום־עליכם! — מאַכט ציִמבאַל צום אורח — פון וואַנען אַ יוד, אַ וואָלנער?

— ניין, ניט קיין וואָהלינער, רב ע־ע... אַ וואַסילקאָווער... דאָס גאַנצע שטעדטעל צוראַבירט... כתבים פון רבנים... וויפיעל גאָט העלפט...

— אַ וואַסילקאָווער, נו, קאָנעטשנאָ אַ וואָלנער!... — האָט זיך חאַריטאָן זאַכאַריעוויטש דערפרעהט.

— אַ וואַסילקאָווער, אַ וואַסילקאָווער — האָט דער מקבל פערשטאַנען די לעצטע ווערטער.

— וועט איהר ביי מיר זיין צו דער סעודה... היינט איז פורים... אַ וואַזשנער פראַזדניק... האַ, וואָס? אַ נדבה אויך? קאַק־זשע, קאַק־זשע!.. עטאָ אָסאָב סטאַטיאַ...

און אַ סעודה איז געווען ביי חאַריטאָן זאַכאַריעוויטשע'ן — אַנ'אמת'ע סעודת־מלך. מאכלים — עד לרוב; משקאות — חאָטש אַ מנין חסידים איינצושכּור'ן.

ווען מען האָט שוין גענומען צו עטליכע כוסות און געפיהלט זיך אויפגערעגט, האָט דער בעל־הבית נאָך אַ מאָל אָנגעפיהלט די זילבערנע בעכערס, און ווענדענדיג זיך צום אורח, געזאָגט:

— אַ גרויסער פראַזדניק פורים, האַ, רבי?...

— פּיש־פּיש־פּיש! — האָט דער אורח געמאַכט בקיצור האַבענדיג אַ פולען מויל מיט געפיהלעכטס.

— קיין עברה ניט אַריינצוגיעסען אין לאָמפ אין אַזאַ פראַזדניק, האַ, רב, צשטאָ?...

— או־מהו! — האָט דער אורח ניט געוואָלט מפסיק זיין אין קייען — אַ מצוה...

— פאַר אונזער יענעראַל! — האָט דער בעל־הבית אויפגעהויבען דעם כוס — א בראַווער יענעראַל געווען.

— וואָס איז שייך — אַ גבור! — איז דער אורח נתפעל געוואָרען און איבערגעקעהרט דעם כוס אין מויל אַריין.

— די האָט זיי אַלעמיין געגעבען פיליווער שמעקען, האַ?... טאַלאַריען!..

— אויפ'ן ווייסען פערד — האָט דער אורח אַריינגע־וואָרפען אין גרויס אַיילעניש, און אָנגעשטאָפט א פולען מויל מיט קרעפּלעך.

— פּאָ גענעראַלסקי, קאַק־ווּשע!... און המן, המן — טאָ!... ער האָט דאָס אַ ביסעל געחאַפּט פּאָ זאַטילקי פון אונ־זער יענעראַל! האַ?...

— המן?... פון אונזער יענעראַל?... האָט זיך דער אורח פאַרוואונדערט, און די היהנערישע פּאָלקע איז געבליעבען שטעהען אין מיטען וועג צום מויל...

— נו, קאָנעטשנאָ: פון אונזער יודישען יענעראַל — פון מאָרדוכ'ען —

— ע־ע... זייט מיר מוחל... ע־ע... איך האָב גע־מיינט איהר רעדט פון סקאָבעליעוו'ען...

— האַ־האָ־האָ! — האָט זיך צימבאַל ברייט צולאַכט — וואָס ער סקאָבעליעוו? קאָניעטשנאָ, סקאָבעליעוו אַ העראָי געוועזען אָבער צו אונזער'ן, צו מאָרדוכ'ן — קודי!...

— ע־ע... זייט מיר מוחל, בעל־הבית לעבען... ע־ע... מרדכי היהודי איז קיין גענעראַל ניט געוועזען...

— קאַק־טאַק?! וואָס הייסט? וואָס דען איז ער געוועזען? אַ פּאָלקאָווניק?

— ניין, אַ יועץ... ע־ע... אַ מיניסטער...

— אַ מיניסטער? — און געפאָהרען רייטענדיג... נו, רבי, איהר זייט אַ וואָלנער, איהר פערשטעהט נישט אין די זאַכען... א יענעראַל פאָהרט רייטענדיג, אַ פּאָלקאָווניק — פאָהרט... און וואָיענע ווּרעמיאַ — מעג אַ קאַפּיטאַן אויך פאָהרען רייטענדיג... אָבער אַ מיניסטער — ווי קומט ער צו זיצען אין זאָטעל?...

— אָבער מרדכי... — האָט דער אורח געוואָלט ער־

קלערען.

— טשודנאַי! — האָט איהם צימבאַל איבערגעשלאָגען אין מיטען — אנו-קאַ, לאָמיר הערען, וואָס איז ער, פאָ וואַ-שעמו געווען.

— איך וויים... ע-ע... פריהער אפשר אַ פּאָדריאַטשיק אין חצר-המלכות... דערנאָך — עולה לגדולה געווען... גע-וואָרען אַ יועץ, אַ מיניסטער...

— אַ מיניסטער? חאָראָשאָ!.. טאָ וואָס-זשע איז המן געווען?

— המן, המן? — האָט דער אורח ניט געפונען קיין פערטיגען תירוץ.

— טאָ-טאָ!.. האָט זיך דער בעל-הבית דערפרעהט.

— המן איז געווען אַ רשע... האָט זיך דער מקבל דערמאָנט...

חאַריטאָן זאַכאַריעוויטש האָט דערפיהלט, אַז ער פערלירט דעם באָדען, און האָט זיך אָנגעחאַפּט אָן אַ נייעם נאָמען:

— נו, און וואָס האָט שושן געטהון?...

— שושן? — שושן איז געווען אַ שטאָדט. אַ הויפּט-שטאָדט, ווי איַערע, וואָס איהר וואָהנט...

— טעק'ס... האָט צימבאַל אָבגעזיפצט — המן נישט קיין מיניסטער... אַ רשע... וו'ראָ־יע אַ שטאַבסקי יענעראַל... שושן — אַ שטאָדט... פאַרוואָס-זשע מאָרדוך נישט קיין יענע-ראַל, האַ? !—האָט ער בשום אויפ'ן נישט געקענט פערשטעהן.

אַז ער איז גאָר געווען אַ מיניסטער... איהר פער-שטעהט...

— טו ווי קומט ער פאָהרען רייטענדיג?... — האָט שוין צימבאַל'ן אָנגעהויבען פערדריסען די מעשה.

— דער מלך האָט אַזוי געהייסען, אחשורוש...

— טעק'ס... אַ פּריקאַז אַזאַ, זנאַטשיט... חאָראָשאָ... און ניט קיין יענעראַל, זאָגט איהר?.. געוויס נים?

— ניט קיין יענעראַל... געוויס... וואָס איז שייך...

— וואו איז אָנגעשריבען? — האָט צימבאַל געוואָלט זיין זיכער.

— העָ-הע!.. כ'מיין, אין דער מגילה... אין דער

תּורה הקדושה...

דערהערט דעם מקבל דערמאָנענדיג אַזעלכע ווערטער, ווי: „תּורה הקדושה“, „מגילה“, האָט ער פערשטאַנען, אַז עס איז טאַקי ווי דער אורח זאָגט: די וואָלגע, זיי ווייסען דאָך אַלץ.

ער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, און אַזוי ווי מען וואָלט ביי איהם אָבגענומען עטוואָס, וואָס עס איז איהם זעהר טייער געווען, האָט ער צו זיך אַליין גערעדט: טאַק׳ס, טאַק טאָ... ניט קיין יענעראַל... ניט קיין יודישער יענעראַל...

— טו וואָס-זשע איז פאַר אַ פּראַזדניק? — האָט ער זיך מיט א מאָל אַ קעהר-געטהון צום אורח.

— העה-העה... אַ נס... אַ קליינינקייט להרוג ולאבד...

— קאַקאָי טאַם נס?!..! ליאַרעג ליאַבער, פּאָרוטאַ-יעש!.. ניט קיין וואַזשנער פּראַזדניק...

פון דאַמאָלסט אָן האָט האַריטאָן זאַכאַריעוויטש פון פורים ניט געמאַכט קיין גרויסע צערעמאָניע.

אויס גענעראַל — אויס יום-טוב...

# אַ חולה מסוכן.

באַריס גרעבענטשיק, אַ יונג מיט בײנער, מיט אַ צונג ווי אַ „בריטוואַ“, וואָס „באַקט“ ליגענס, ווי לאַטקעס, וואָס איז צווישען וואָיאַזשאָרען אַ וואָיאַזשאָר, און וואָס שרעקט זיך פאַר קײן זאַך ניט אָב, האָט נאָר פאַר אײן זאַך מורא — פאַר זײן חײם׳ס צונג . . .

דער גרויסער בריה און קנאַקער צווישען לײטען, קאָן אין דער הײם קײן צוויי ניט צעהלען.

— ווען מײן ווײבעל הויבט מיך אָן צו ענבערען, וואָלט איך בעסער דריי נעכט געגעלטיגט אין טורקעסטאַן אָהן פראַזשעס, ווי איין נאַכט אין דער הײם מיט פראַזשעס — זאָגט גרעבענטשיק.

און ענבערען ענבערט זי פאַר אַלץ אין דער וועלט.

דאָס ערגסטע איז אָבער, ווען ער קומט שפעט אַהײם.

דאָ העלפען ניט קײן טענות, קײן פערענטפערען זיך, אַז ער האָט זיך געמוזט זעהן מיט סוחרים, אָברעכענען זיך, געהן אין האָטעלען.

זי ווײס, נישקשה, וואָס פאַר אַ רעכינקעס ער האָט צו מאַכען!.. אודאי איז ער געגאַנגען אין די האָטעלען, אָבער ניט צו סוחרים, נאָר צו סוחר׳טעס...

און זײן זיסע פערעלע טאָטשעט איהם, ווי אַ וואָרעם אַ גאַנצע נאַכט, און פאַרטאָג אין דעם גאַנצען פריהמאָרגען, אײן בעגלײט איהם מיט איהרע רעדעלעך־נעדעלעך אַוש אויף די טרעפ אַרויס, אָנזאָגענדיג איהם, ער זאָל זיך נאָך ריכטען אויף אַ שוואַרץ יאָהר, ווען ער וועט קומען אַ הײם.

מאַכט זיך אַ מאָל, אַז גרעבענטשיק פּערזיצט זיך מיט אַ חבֿרה וואַוואַשאָרען בײַ אַ קערטעל און פֿאַרגעסט גאָר אָן דיעם גרויסען שטורם, וואָס עס וואַרט אויף איהם אין דער הײם.

ער גיעט זיך אַ כאַפּ — צוויי דער זײגער!

גרעבענטשיק איז אַ טויטער געבליבען. און ניט ענדי־גענדיג דעם קאָן, איז ער אויפגעשפּרונגען און אַנטלאָפען.

אָבער וואָס נעהנטער ער איז געקומען צום שטוב, אַלץ לאַנגזאַמער איז געוואָרען זײן גאַנג.

ער האָט זיך געפּיהלט, ווי אַ הונד, וואָס וויים, אַז ער האָט זיך פּערזינדיגט געגען בעל־הבית און — פריהער אָדער שפּעטער — אַ בריק מיט'ן פוס מוז ער כאַפּען פון איהם...

אויף די טרעפּ האָט ער זיך געשלעפּט, אַזוי ווי ער וואָלט שוין קײן כח נישט געהאַט אַ פוס צו הויבען... אײן מינוט איז איהם אײנגעפאַלען: געדאַרפט איהר אָבטהון, דער מרשעת. און אַראָבוואַרפען זיך מיט'ן קאָפּ אַראָב, צווישען די פּאָרענצעס. זאָל זי וויסען, ווי צו יאַדען שטענדיג אַ מאַן... נאָר באַלד האָט ער זיך בערעכענט, אַז „ניט דערלעבען וועט זי".

„געוויס פון איהרטוועגען, אַז איך זאָל זיך מאַכען קראַנק: איז אַי איך וועל איהר נעהמען לעבער — וואָרום פײַנד האָט זי דאָך מיך דיקא ניט — אי זי וועט מיך צו רוה לאָזען!..."

צופריעדען פון דעם אײַנפאַל, האָט ער גלײַך גענומען שפּרינגען איבער דרײַ טרעפּלעך מיט אַ מאָל, און אין אײן מי־נוט איז ער שוין געשטאַנען בײַם טהיר און שטיל געקלאַפּט.

פּערעלע, וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט אַ אויג נישט צוגע־מאַכט, האָט גלײַך דערהערט דעם מאַנ'ס קלאַפּען.

— אַ ביזט שוין דאָ, מײַן תּכשיט?.. נישקשה, די וועסט בײַ מיר וואַרטען... וועסט זיך בײַ מיר אָנפריהרען, ווי אַ הונד, נישקשה...

— פּערע־לע, איך חלש... אוי, שלע־עכט... עפען גי־עבער... — האָט באָריס געבעטען מיט אַ קול פון אַ גוסס.

— אַזוי, עפענען דיר? ניט אַנדערש, וואו ביזט דו פריהער געוועזען?.. געה, געה, פון וואַנען דו ביזט געקומען, דו שאַרלאַטאַן, דו אויסוואורף!..

— פּערע־לע... אוי!.. איך גײה... אויס...

עֶ=פֶען . . . גִי=עכֶער . . . — האָט גרעֶבּעֶנטשִיק אָהן אוֹיפהעֶר געֶקרעֶכצט .

דעֶרהעֶרט דעַם טאַן קרעֶכצעֶן, אִיז פֶערעֶלֶע אַראָבּגעֶשפּרוּנגעֶן פוּן בּעֶט, אַ עַפּעֶן געֶטהוּן די טהִיר אוּן אוֹיסגעֶשרִיעֶן :

— וועֶה אִיז מִיר ! . . וואָס אִיז דִיר געֶשעֶהן ? . . נאַסטיאַ, נאַסטיאַ ! גִיכֶער שטעֶה אוֹיף . . . לוֹיף נאָך׳ן דאָקטאָר, דעֶם פּאַן אִיז שלעֶכט . . .

דעֶרזעֶהעֶן, אַז עֶס ווירקט, האָט גרעֶבּעֶנטשִיק נאָך שטאַרקעֶר געֶנוּמעֶן קרעֶכציעֶן :

— אוֹי, לעֶג מִיך אַריין אִין בּעֶט . . . קקקאַ=ק=קאַ=אַלט... שטעֶכט אִין זייט, ... מִיט נאָ=אָדלעֶן . . . קעֶן נִישט אָטהעֶמעֶן ... אוֹי . . .

— אוֹי, וועֶה צוּ מִיר ! וואָס טהוּ אִיך דאָ ! ? — האָט זִיך פֶערעֶלעֶ געֶבּראָכעֶן די העֶנד — וואָס אִיז מִיט דִיר, בּאָריסעֶלעֶ ? זאָג, רייד, וואָס האָט פּאַסִירט ? ! . .

— אַריין צוּ אַ סוֹחר . . . געֶ=וועֶסעֶן, אָבּ=געֶ=רעֶכעֶנט זִיך.. מִיט אַ=מאָל . . . אוֹי, סעֶ שטעֶכט ! . . מִיט אַ=מאָל, ווי אַ נאָדעֶל אִין לִינקעֶן זייט . . . שלעֶכט אִין שלעֶ=עֶכט . . . דריי שעֶה דאָר=טעֶן אָבּגעֶ=לעֶגעֶן . . . אוֹי ! . . כ׳זעֶה . . . ס׳ווערט עֶרגעֶר . . . געֶבּעֶטעֶן . . . אוֹי, אוֹי ! . . אַ היים שִיקעֶן אוֹיף . . . אוֹיף אַ דראָזשקעֶ . . . פּרוּבִּירעֶן איינשלאָפעֶן . . . ווֶעט ווֶערעֶן גרִינ=געֶר . . . אוֹי ! . .

— וואָס רעֶדסטוּ, בּאָריסעֶלעֶ, קרוֹינעֶלעֶ ! . . שוֹין שִיק אִיך נאָך אַ דאָקטאָר . . . נאַסטיאַ, נאַסטיאַ ! לוֹיף גִיכֶער, געֶגעֶנאייבּעֶר וואוֹינט אַ דאָקטאָר ! . אוֹי, אַ אוּמגלִיק האָט מִיך געֶטראָפעֶן . .

דעֶרהעֶרט אַז דאָס ווייבּ שִיקט נאָך אַ דאָקטאָר, אִיז גרעֶבּעֶנטשִיק׳ן אוֹיף אַנ׳אמת קאַלט געֶוואָרעֶן אִין אַלעֶ גלִידעֶר .

— מעֶן דאַ=אַרף נִיט . . . ס׳וועֶט פֶער=בּיי געֶהן . . . לאָז זִיך מִיר נאָר אוֹיס=שלאָפעֶן . . . דעֶק מִיר גוּט צוּ . . . ס׳אִיז מִיר שוֹין גרִינ=געֶר אַ בִּיסעֶל — זִיפצט עֶר אָבּ פרייעֶר, ווי אַ מעֶנש, וואָס ס׳אִיז מִיט אַ מאָל גרִינגעֶר געֶוואָרעֶן אָבּעֶר פֶערעֶלעֶ ווִיל נִישט העֶרעֶן.

— וואָס רעֶדסטוּ עֶפּעֶס, נאַרִישקייטעֶן ? ! ווֶען דִיר אִיז

אַזוי שלעכט וועל איך קוקען, וואָס ס'איז אַזוי שפּעט, אָדער די פּאָר רובל זשאַלעווען?.. נאַסטיאַ, שטעה אויף!..

---

בײַ דעם יונגען ד"ר לעקעבעקער איז דאָס געוועזען „די ערשטע פּראַקטיקע", אויף וועלכע ער האָט געוואַרט גאַנצע דרײַ־חדשים, — האָט ער גאָר ניט געוואָלט אָבטרעטען פון חולה...

אײַנמאָל און נאָך אַ מאָל אויסגעהערט, געדרעהט איהם אויפ'ן רעכטען זײַט און אויפ'ן לינקען זײַט, געקלאַפּט צווישען די לאָפּעטקעס, צוגעלעגט אַ אויער צום ברוסט און צום רוקען; דרײַ מאָל געהייסען ווײַזען זיך די צונג, געפיהלט דעם פּולס, קנײטשענדיג דעם שטערען אָהן אויפהער.

פּערעלע איז געשטאַנען צוקאָפּענס און מיט אונרוהיגע אויגען געקוקט אויפ'ן דאָקטאָר.

אָבער דער דאָקטאָר האָט זיך ניט געאײַלט.

אויסטאַפּענדיג און אויסקלאַפּענדיג, וויפיעל זײַן האַרץ גלוסט, האָט ער פערקנײטשט דעם גלאַטען שטערען נאָך טיפער, פערטראַכט זיך און לאַנגזאַם געצויגען:

— איך וועל אײַך זאָגען מאַדאַם, קײן דיאַגנאָז, ד. ה. פעסטשטעלען די קראַנקהײט, קען מען נאָך איצט ניט... עס קען זײַן אַ לונגען־ענטצינדונג, און עס קען זיך ענטוויקלען אַ טיפוס... מען מוז אָבוואַרטען ביז מאָרגען... נאָר, זאָרגט ניט! — האָט ער מיט אַ מאָל מוטהיג אַ הויב געטהאָן דעם געגרײַזעלטען קאָפּ, — זאָרגט ניט, מיר וועלען איהם שטעלען אויף די פיס, הע, הע! דערווײַל וועל איך פערשרײַבען אַ מיקסטורקע — אַלע צוויי שטונדע אַ עס־לעפעל... באַנקעס וואָלט גוט געווען גלײַך שטעלען... די ברוסט, דעם רוקען אײַנרײַבען מיט יאָדע... און נאָך בעסער — אײַנוויקלען איהם אין גרויסע נאַסע לײַלעכער, אויבען — אַ גוטע וואָלענע קאָלדרע, וואַרפט אויף איהם אַרויף אַ פּאָר קישענס, ער זאָל אויסשוויצען — „מאָיאָ פּאָטשטעניע", און ס'איז רעכט ער זאָל מאָרגען אויפשטעהן אַ פרישער, אַ געזונדער, הע, הע!.. ניט אין איהר חולה, נישט געשראָקען זיך! — האָט ער אַ קלאַפּ געטהאָן גרעבענטשיק'ן איבער'ן פּלײצע — מיר וועלען אײַך שטעלען

אויף די פיס...

— אפשר פּואַזוקעס עטליכע שטעלען? — האָט פּערעלע געבעטען.

דערהערט פּיאַווקעס, איז גרעבענטשיק'ן אָבגעשטאָרבען אַלע גליעדער. אַ קנאַפּע פּיאַוקע איז פּערעלע, פעהלט איהם נאָך פּיאַווקעס שטעלען... נאָר צום גליק האָט דער יונגער דאָקטאָר ניט געהאַלטען פון די אַלטע מיטלען.

— אַך, מאַדאַם, וואָס רעדט איהר?.. די מאָדערנע מעדיצין האַלט ניט פון אַזעלכע באַרבאַרישע מיטלען... איצט היילט מען אַ לינגען-ענטצינדונג מיט גידראָפּאַטיע... קאַלטע וואַנעס אי טאָמו פּאָדאָבניע... אָבער פּיאַווקעס — באָזשע סאָכראַני!.. נו-ס, דערווייל — אַדיע!.. טהוט גלייך, וואָס איך האָב געהייסען, וועט ער זיין געזונד... מאָרגען וועל איך אַריינקומען... אַדיע!..

און פּערקוועטשענדיג די צוויי זילבערנע רובל, וואָס די „מאַדאַם" האָט איהם אַריינגערוקט אין דער האַנד, איז ער אַוועק אַ צופרידענער מיט'ן „גוטען אָנהויב"...

---

ווי נאָר דער דאָקטאָר איז אַרויס, אַזוי האָט זיך פּערעלע גענומען צו דער אַרבייט, נאַסטיאַ איז אַוועקגעלאָפען און אַפּטייק, זי אַליין האָט אַרויסגעשלעפּט דעם זעקעלע גלעזערנע באַנקעס, וואָס ס'איז ביי איהר שטענדיג געלעגען אויף „הלואי זאָל מען ניט דאַרפען" און, ניט אַכטענדיג אויף באָריס'עס שבועות, אַז ס'איז איהם אַ סך בעסער, האָט זי איהם אַרומגעהאַקט מיט באַנקעס ווי גרויס ער איז, און טאַקי גלייך נאָך דעם פערוויקעלט איהם אין קאַלטע ליילעכער און וואַרימע קאָלדרעס...

— האָסט אַ ווייב מיט קינדער, טאָר ביי דיר דיין לעבען ניט זיין אַזוי הפקר!.. — האָט זי איהם שטרענג געזאָגט.

גרעבענטשיק האָט שוין חרטה געהאַט אויפ'ן גאַנצען עסק. ער חלש'ט עסען — פּשוט ער געהט אויס... פון נעכטען מיטאָג אָן אין מויל ניט געהאַט... ביי די קאָרטען האָט ער נאָר געזויכערט, אָבער געגעסען גאָר ניט... ווי ווערט מען פון איהר פּטור, פון דער מרשעת?

און ער בעט זיך ביי איהר:

— פערעלע, גאָה שלאָפען... האָסט דאָך שוין קיין כח ניט אויף די פיס צו שטעהן... לעג זיך, רוה אָב אַ ביסעל...

— וואָס רעדסט דו, קרוין מיינס! ווער קען שלאָפען, אַז דיר איז אַזוי שלעכט?...

— אַז מיר איז אַ סך בעסער... ס'ווילט זיך מיר נאָר שלאָפען... לאָז מיר אויסשלאָפען זיך, וועל איך אויפשטעהן אַ געזונטער...

— יאָ, יאָ, אַ געזונטער... איך ווייס, אַז דו ביזט ביי מיר אַ גוטינקער: ווילסט איך זאָל זיך לעגען שלאָפען, זאָגסט דו דיר איז בעסער...

— איך זאָל אַזוי געזונד זיין, ווי מיר טהוט גאָר ניט וועה... — האָט ער זיך געשוואָרען.

— ס'איז אומזיסט דיינע רעד, באָריסעלע! איך וועל ניט געהן שלאָפען, כל זמן דו וועסט ניט איינשלאָפען...

דערהערט אַזעלכע קלאָרע דיבורים, האָט גרעבענטשיק גלייך פערמאַכט די אויגען און אין צוויי מינוט אַרום האָט ער שוין רוהיג געעטהעמט אין שלאָף.

— באָריסעלע, דו שלאָפסט?..

באָריס שלאָפט זיס, ווי אַ קינד..

— דו שלאָפסט, באָריסעלע?

ער שלאָפט, ווי נאָך אַ באָד...

— וועל איך אויך געהן שלאָפען... דולט זיך, קיין סכנה איז, גאָט צו דאַנקען ניטאָ...

— פערעלע, דו שלאָפסט? — האָט באָריס פון זיין זייט געפרעגט אין אַ האַלבע שעה אַרום.

ניטאָ קיין ענטפער.

— דו שלאָפסט, פערעלע? — האָט ער איבערגעפרעגט העכער.

פערעלע כראָפעט ווי אַ געקוילעטע...

אויפפלאָנטערענדיג זיך מיט גרויס מאַטערניס פון די נאַסע בעלעבער מיט די וואָלענע קאָלדרעס, האָט זיך גרעבענטשיק שטיל, ווי אַ גנב, צוגעקליבען צום בופעט, און אין אַ מינוט אַרום איז ער געלעגען אין בעט אונטער'ן קאָלדרע, און געשמאַק געקײַט אַ שטיק ברויט מיט וואורשט...

# סטאַטיסטיקע.

(פון יונה שרכּן'ס מעשה'לעך)

## מעשה נומער איינס

— הערט איהר, קיין ערגערע פּרנסה פון שדכנות, איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ.

— ראשית, איז שדכנות אַזאַ ענין, וואָס יעדערער שטעקט אין דעם אַריין אַ יד. אַ נולמד זוכט אַ זייטיגען קער־בעל צו פערדינען, ווערט ער אַ שטיקעל שדכן? אַ יוד, אַ סוחר, וואָס זיין עסק איז גאָר פלאַקס, צו זוימען, טאַפּט ער־נעץ אָן אַ בחור מיט אַ מיידעל אין רעדט אויך אַ שידוך; אַ יונגע ווייבעל ווערט משוגע לעדיג אַרומגעהענדיג, הויבט אָן מזווג זיווגים זיין... און משולחים זענען שדכנים, און מגידים זענען שדכנים, און שמשים, חונים, סתם יודען און יודענעם— אַלע שדכנים!

וואָס דאַרפט איהר מעהר: אַז איך שלאָג אייך פאָר אַנ־ענין פאַר אייער זוהן צו פאַר אייער טאָכטער, און איהר געהט זיך נאָכפרעגען אויף דעם שידוך ביי אַ זייטיגען יודען, — ווערט ער אַ שותף צום שדכנות!

והשנית — די ליעבע! זינט דער דאָזיגער מין חולאת איז רחמנה לצלן נתרבה געוואָרען צווישען יודען, איז — אויס: אַז זיי דאַרפען ניט קיין שדכן, אַז זיי ווילען ניט קיין שדכן! און באמת, וואָס טויג זיי אַ שדכן? זיי קענען זיך אַליין ניט זניוכען, וואָס? אז בחורים מיט מיידען געהען אום איבער די

גאַסען, פראַנק און פריי, אַז ווי נאָר מע בעגעגענט זיך, איז: שו=שו=שו, שו=שו=שו, אַז ס'איז אַ הפקר=וועלט! איהר פער=
שטעהט צו נייען? טאָ צו וואָס טויג זיי יונה? צו וואָס?! איז
צי די צרות איז מען שוין, ברוך=השם געוואָהנט געוואָרען. מ'לאַ
באַפט, רייסט, מישט זיך אַריין, נעהמט אויך אַ חלק, פיהרט
ליעבעס, שמיבעס, — אַלץ זענען נאָך פאַר'אַן ליימישע יודען,
וואָס וועלען אָהן אַ שדכן מיט זייערע קינדער קיין שידוך ניט
מהאָן. אָבער, אַז חכמת החשבון זאָל מיר מקפה בפרנסה זיין
— דאָס טרעפט מיר דאָס ערשטע מאָהל.

די מעשה דערפון איז אַזוי געווען.

מרביאל גינשפרינגער, אָט דער, וואָס שיקט וואַגאָנעס אויף
אויסלאַנד, האָט געהאַט אַ בחור — צאַליע האָט מען איהם גע=
רופען — און אַ געראָטענעם בחור. הן אין לערנען, הן אין
שרייבען, הן אין כוס... און שפיעלט גוט אַ שאָך, אַ ביסעל
פידעל, אַ ביסעל לשון=קודש און אַ בריה אין געשעפט אויך.
היינט אַ בעל=חשבון — איינער אין דער וועלט! דעם אמת גע=
רעדט, — שוין אַביסעל צופיעל פערטראַן געווען אין די חשבונו־
זיינע.

במעט ווי אַ מין מיהוש איז דאָס ביי איהם געווען.

ווען איהר זאָלט איהם ניט טרעפען און ווענען וואָס איהר
זאָלט מיט איהם ניט פערפיהרען אַ שמועס, וועט ער אייך אַרויפ
קריכען אויף חכמת החשבון.

פון קיין חכמה האָט ער אַזוי ניט געהאַלטען, ווי פון חכמת
החשבון.

אַלע חכמות פון דער גאַנצער וועלט זענען ביי איהם גע
ווען גאָרנישט לגבי דער חכמה פון חשבונ'ען.

— וואָס איז מיר דאָרטען אייער אַסטראָנאָמיע=שמאַסטראָ=
נאָמיע? פלעגט ער אַלץ טענה'ן, אָט דער צאַליע, — ווי זאָ=
גען מיר, אַז אויפ'ן שטערען „מאַקס" זענען פאַרהאַן אַ בערג
אַ טהאָלען, אַ טייכען, אויפ'ן זון זעהען זיי פלעקען, אויף דער
לבנה — בערג מיט טהאָלען מיט ווייס איך וואָס, בין איך ווי
טאַקי אַלץ מחויב צו גלויבען? און אַז זיי וועלען מיר זאָגען:
אויפ'ן הימעל אַ יריד, וועל איך זיי אויך מוזען גלויבען!?

— אָדער, לאָמיר זעהען, למשל, „געאָגראַפיע": אָט דאָ

דערצעהלט זי מיר, זאָגט ער, איז אייראָפּאַ, דאָ — אַמעריקע, דאָ — אַפריקע, דאָ — אַזיע, דאָ דער „נאָרדפּעל" און דאָ דער „קוואַטער"... די מדינה האַלט אַזוי פיעל מייל, די — אַזוי פיעל, דער ים איז אַזוי גרויס, און יענער באַרג אַזוי הויך, — נו, פרעג איך אייך: פון וואַנען ווייסען זיי דאָס אַלץ? האָט איכיצער געמאָסטען די ערד אָדער די ימים?

— אָדער, אַ שטייגער, פלעגט ער איינ'טענה'ן, — חכמת הדאָקטאָריע: איין דאָקטאָר זאָגט „באַנקעס", זאָגט דער צווייטער „פּיאַווקעס"; קומט אַ דריטער און לאָזט אייך וויסען: פּיאַווקעס סכנות נפשות! סטייטש: בלוט פערליערען! זאָגט איינער: „טאָג". זאָגט דער צווייטער, „נאַכט". הייסט ווי קענען מיר, זאָגט ער, גלויבען די דאָקטוירים, אַז זיי אַליין האַמפּערען זיך שטענדיג צווישען זיך?

— פון די איבריגע חכמות האָט ער אויך קנאַפּ וואָס געהאַלטען, חכמת הטבע פלעגט ער זאָגען, איז דאָך סתם אַ שטות'עריי: וואָס איז דען אין דער אמת'ן די נפקא מינא צו די וואַנץ, איך בעט אייך מחילה, האָט אַכט און פערציג צי אַכט און אַכציג פיסלאַך? אָדער אַז איהר וועט שוין וויסען ווי פיעל יאָהר לעבט אַ העלפאַנט, וועט איהר דערפון שבת מאַכען? אַנ'אייגענס צו וויסען ווי פיעל אַ בהמה גיבט מילך איז וואַשנער, ווי צו וויסען ווי פיעל עס לעבען צוואַנציג טויזענד בערען מיט זיעבציג טויזענד שלאַנגען און עקדיסען!...

דאָס זעהט איהר, איז ער דוקא גערעכט. און וואָס פאַר אַ חכמה ס'איז נאָר פאַרהאַן אויף דער וועלט, פלעגט ער דערפון מאַכען אַש און בלאָטע. נעלעמיע צי לעמיע — דער שוואַרץ יאָהר וויים ווי דאָס רופט זיך דאָרטען — איז ביי איהם שוואַרצע קונץ: סטאָריע, זאָגט ער, איז גאָלע ליגענס, כזב ושקר! והראיה, איין און די זעלביגע מעשה, דערצעהלען די סטאָריע — שרייבער, יעדערער אויף זיין שטייגער, ווי איהם פּאַסט זיך...

בקיצור, ס'איז גאָר קיין שום חכמה און קיין שום ידיעות ניטאָ אויף דער וועלט, אַ חוץ חכמת החשבון.

— אָט דאָס, זעהט איהר פלעגט ער זאָגען, איז אַ זאַך וואָס מ'קען זיך דערויף פערלאָזען. כפל, חיבור, חיסור, חילוק, תשברית, מאַטעמאַטיקע, ריפמעטיקע, דאָרטען, סטאַטיסטיקע — האָט אַ יכיד! חכמת־החשבון, פערשטעהט איהר מיך, איז אַ תורה

זאַך, ריפּמעטיקע וועט איהר פון פינגער ניט אויסזויגען: צוויי מאָל צוויי איז אַלע מאָל פיער; איהר מעגט זיך דרעהען פון היינט ביז איבער אַ יאָהר, אַרויסזאָגען טויזענד סברות, וועט איהר פון דריי מאָל דריי נישט מאַכען קיין צעהן. צוויי מאָל זעקס איז תמיד געוועזען צוועלף, און קיין פּראָפעסאָר וועט נישט זאָגען פערקעהרט. איהר קענט זאָגט ער, זיין דער גרעסטער אפּיקורוס אפילו אין משיח'ן נישט גלויבען, אָבער חכמת החשבון קענט איהר נישט אָבלייקענען, אַ סימן האָט איהר, אַז דאָס איז די גרעסטע חכמה, אַז אָהן חשבון קענט איהר ערגעץ נישט אויסקומען: צי בויעט איהר אַ הויז, צי סטרויעט איהר אַ בריק, צי פיהרט איהר דורך אַ באַהן, מוזט איהר אַלץ אויסרעכענען וויפיעל און וואָס...

דער דאָזיגער שטיקעל מיחוש זיינער בסדר צו חשבונען האָט זיך ביי איהם אַרויסגעוויזען נאָך קליינערהייט. נאָר אָנגעהויבען געהן אין חדר, האָט ער שוין ליעב געהאַט צו צעהלען די טריט פון דער היים אין חדר און צוריק; ער האָט געצעהלט די הייזער, פערביי וועלכע ער איז געגאַנגען, די פלעקער פון די פּאַרקאַנעס. ער האָט געחשבונ'ט וויפיעל שמיץ קריעגט אַ זמן אַ חדר יונגעל, רעכענענדיג צו צעהן שמיץ יעדעס מאָל, ניט וועניגער, ווי צוויי מאָל אַ טאָג. ער האָט זיך לאַנג געבראָכען דעם מח איבער דעם חשבון: וויפיעל בייגעל עסט ער אויף אַ יאָהר רעכענענדיג צו זעקס בייגעל אַ טאָג, נאָר איהם האָט אַלין אַראָבגעפיהרט פון וועג די פסח־יאָך, ווען מען עסט מצה און די יום־טובים, ווען מען עסט קילעטשען.

ווען צאַליע איז עלטער געוואָרען און דער טאַטע האָט איהם צוגענומען צום עסק, פלעגט ער כסדר זיצען און חשבונ'ען דעם ריוח פּאַראויס, נאָך איידער ער האָט געהאַט די סחורה, טאָמער איז אַ וואָך ניט געוועזען קיין מסחר, פלעגט ער דערלאַנגען דעם טאַטען אַ פּאָדראָבנעם חשבון: וויפיעל וועט זיין היזק פון דעם. וואָס עס איז נישט דאָ קיין פּרנסה... ס'איז ביי איהם רעכט געווען אַוועקזעצען זיך און אויסרעכענען: וויפיעל הכנסה וואָלטען איהם אַריינגעבראַכט אַלע הייזער פון שטאָדט ווען זיי וואָלטען געווען זיינע; וויפיעל ס'קאָסט אָב דעם קייזער אויסהאַלטען זיין גאַנצען חיל, רעכענענדיג צו 27 קאָפּיקעס אַ

טאָג אויף אַ סאָלדאַט; וויפיעל קומט איים אויף זיין חלק חוב, ווען די רוסישע מלוכה איז שולדיג 8626 מיליאָן רובל; וויפיעל יודען עסען אָהן געוואַשען און וויפיעל שוועבעלעך ווערען פערברענט אַ טאָג; וויפיעל סאָלדאַטען פאַלען אין די מלחמות און וויפיעל יודען אין די פּאָגראָמען...

בקיצור, דער בחור האָט זיך אַריינגעלאָזען אין שטות׳ערייען.

און טאָמער ווילט איהר, חלילה, אַוועקמאַכען זיין חשבונ׳ען מיט זיין סטאַטיסטיק אונטער׳ן האַנד, איז חיות ניט זיכער: סטייטש־חשבונ׳ען, סטייטש־סטאַטיסטיקע! אָהן חשבון און אָהן סטאַטיסטיקע, וואָלט קיין מלוכה קיין קיום ניט געהאַט, מ׳וואָלט איינער פון דעם אַנדערן ניט געוואוסט, הכלל, די וועלט וואָלט גאָר הרוב געוואָרען.

האָט איהר שוין געזעהן, כ׳בעט אייך, אַזאַ מין אַמנרעדעניש?

מילא, הויב איך אָן רעדען אָט דעם בעל־חשבון שירובים, אי אַזוינע, אי אַזוינע — שווער דורכצוקומען! ווי נאָר איך לעג איהם פאָר אַ ענין, אַזוי נעהמט ער גלייך חשבונ׳ען און אויסרעכענען, וויפיעל קען איהם אַריינברענגען דער נדן, וויפיעל שפּאָרט אַ ווייב איין אַלס בעל־הבית׳טע, וויפיעל איז זי יוערטה אַלס אַ מאַמע פון קינדער, וויפיעל קינדער קען אַ יודענע האָבען ביז אַכט־און־פערציג יאָהר, וויפיעל דאַרף יעדער קינד קאָסטען פון דעם טאָג וואָס עס ווערט געבוירען, ביז דער חתונה, וואָס קאָסט אַ טאָכטער חתונה מאַכען, און אַ זוהן — אַרויסנעהמען פון פּריזיוו... הכלל, ער האָט אויסגערעכענט, אַז וועהניגער ווי מיט פינף אַלפים קערבלעך, טאָר אַזאַ בחור, ווי ער, גאָר ניט לאָזען זיך רעדען.

האָט דאָס מיך דוקא ניט געאַרט: ווילסט חמשה אַלפים — זאָל זיין חמשה אלפים, ביי מיר זענען פערהאַן אַלערליי.

האָב איך זיך דורכגעשריבען מיט מיין שותף אין פּינסק, און ער האָט מיר צוגעשיקט פאַר איהם אַנ׳ענין — פּערוויסאָרט! הן אין יחוס הן אין געלד, דאָס מיידעל אַליין אפילו ניט אַהי־אַהי־אַהי, נאָר מיט אַלע מעלות קען דאָך ניט זיין...

האָבען מיר שוין מיט איהם געהאַלטען גאָר אויף אַ דרך:

טע שטימט, האָסט עס, בײַ איהם דער חשבון, דערוועהט ער אײן מאָל חאַצקעל מלמד׳ס טאָכטער, אָט די, וואָס איז געקומען פֿון וואַרשעוו און געפּעפּנט אַ קראָם פֿון פּאַסטעכקעס, אין ווערט אַ צוקאָכטער.

וואו חשבונות, ווער חשבונות — אוים! ער האָט גאָר פֿערגעסען, אַז ער איז אַ סוחר בן סוחר, און זי — אַ אָרעמען מלמד׳ס אַ טאָכטער; אַז „על פּי השבון” טאָר מען ניט חתונה האָבען מיט אײן קאָפּיקע ווענינגער ווי פֿינף טויזענד ריכּל נדן, ער האָט פֿערגעסען אויסצורעכנען וויפֿיעל העט איהם קאָסטען אויסהאַלטען דער ווייב׳ס אָרימע משפּחה, הכלל, ער האָט פֿערגעסען, אַז מ׳לעבט מיט חשבון, שטאַרבט מען מיט ווידוי, און געהט אוים און געהט אוים נאָך איהר.

מילא, איך ווײס דאָך פֿון קײן מעשה ניט, און גײ צו איהם אַלײן מכּוח דעם פּינסקער ענין. איך זעה דער בחור איז מיר עפּעס אָבגעקוילט. רעד איך דאָך מיט איהם קלאָרע דיבּורים: ווען וועט מען פּאָהרען אָנקוקען זיך? ריפּט ער מיך אָב אָן אַ זײַט, און רוימט מיר אײַן:

— איהר ווייסט, זאָגט ער, ר׳ יונה, וואָס איך וועל אײַך זאָגען? לאָמיר דעם פּינסקער שידוך דערווײַל פֿערבּוינען. דערפֿון וועט גאָרנישט ווערען... שרעקט זיך ניט, ר׳ יונה, אַז איהר וועט זײַן אַ יוד, אַ בּריה, וועט איהר בײַ מיר סײַ־ווי־סײַ פֿערדינען שדכנות. און איך גיעב אײַך אַ גרײטע כּלה אויך, געהט נאָר און רעדט.

— אדרבּא, זאָג איך, לאָמיר הערען. אפשר האָסט דו זיך אויסגעקוקט עפּעס בּעסערס.

רוימט ער מיר אײַן אין אויער „חאַצקעל מלמד׳ס טאָכטער, די פּוטצענמאַכערקע פֿון וואַרשעוו”.

קוק איך איהם אָן ווי משוגע: וואָס איז דער בחור טשוגע, צי חסר דעה?! מלכיאל גינשפּרינגער און חאַצקעל דער מלמד — שעהנע מחותנים. אַ בעל־הבּתישער בּחור אַ מושלם און אַ סוחר, און היינטקע די פּוטצענמאַכערקע — אַ גרײַכע פּאָר. נישטאָ וואָס צו רעדען!

קוקט ער מיך אָן צוריק, און מאַכט אַזוי געלאַסען:

— וואָס קוקט איהר מיך אָן, וואָס, ר׳ יונה? אַ מײַ

דעל אַ קראַסאַווּיצע, אַ גרויסשטעדטיגע, מיט אַנ'עכק אין האָר, וואָס וועט מיט דער צייט אַרייַנברענגען מעהר ווי פינף טויזענר קאַרבען — איינע אין שטאָדט — און...

— און וואָס, זאָג איך ווי דער טאַטע דערויף זאָגען? —

וואָס אַהרט אייך, זאָגט ער, ר' יונה? איהר געהט און רעדט דעם שידוך, און אויב זי וועט נאָר מסכים זיין — איהר הערט ער איז נאָך מסופק! — וועל איך שוין מיט'ן טאַטען אַליין דורכקומען... און פאַר שדכנות-געלד, זאָגט ער, זאָל אייך, ר' יונה, ניט אַהרען, איהר קריגט פון מיר, ווי פון פינף טויזענר קערבלעך נדן...

ט'איהר שוין געזעהען אַזאַ מין איינגלאָפּעניש, רחמנא לצלן?

האָב איך זיך מישב געוועזן: תּאמת, וואָס אַהרט עס מיך? זילסט הי'ענקע די פּוטצענמאַכערקע — זאָל זיין חי'ענקע די פּוטצענמאַכערקע. ביזט משוגע — זיי משוגע, אַבי מיין שדכנות זאָל ניר זיין. איין זאַך האָב איך נאָר מורא געהאַט, מלכיאל וועט זיך דערוויסען, וועט ער קעהרען וועלטען. אָבער אַז די כלה, האַנ-קעל'ס טאָכטער וועט זיך נאָך ברעקלען — דאָס האָב איך גאָר ניט גערעכענט משער זיין זיך. לאָזט זיך אוים אַז זי וויל נאָך ניט.

— אָט מיט דעם משוגענעם בעל-חשבון וועל איך חתונה האָבען? מאַכט זי צו מיר, — ער וועט דאָך צעהלען די גרויס-פען אין טאָפּ...

ט'איהר געהערט אַ תשובה פון אַ מויד?..

דער בחור אָבער בערוהיגט זיך ניט. ער שיקט מיך נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. ער איז שוין מרוצה גאָר אָהן נדן, אדרבא, ער וועט נאָך איהר מאַכען בגדי משי וסאַמעט; ער וועט איהר טאַטען אין בייטעל אַריין צוצוהעלפען — עס העלפט ניט. דער טאַטע איהרער — אַדרבא ואדרבא: פאַר וואָס ניט ווערען מחותנים מיט מלכיאל גינשפּריגער?

נאָר זי, הי'ענקע, הייסט עס, מיט די בלישצידיגע אויגע-לעך, וויל אפילו ניט הערען.

צאַליע וויעדער, וויל פון קיין אַנדערע שידוכים ניט הערען.

— אומזיסט, זאָגט ער, ר' יונה, אַייער טירחה. אָדער האַצקעל'ס טאָכטער, אָדער — גאָרניט.

האָב איך זיך לגמרי פון איהם מיאש געוועזן. דאָס ווייס

איך פון פּראַקטיקע, אַז אַ בחור צו אַ מײדעל פֿערבליאַפּעֶן זיך איז פֿערפאַלען. אפשר, שפּעטער, מיט דער צײַט, אָבער באַלד אויפ'ן אָרט, איז גלײַכער ניט צו טשעפּען זײ.

דער בחור האָט אָבער אין דעם ענין ניט געשוויגען. וואָס מעהר זי האָט זיך גענעקשנ'ט, אַלץ מעהר האָט זיך איהם געוואָלט דער שידוך.

איז ער זיך מיישב: פֿאַרוואָס זאָל ער זיך אַלײן מיט איהר ניט דורכרעדען? אַ הרפּה אָן אַ זײַט...

נאָר גלאַט קומען צו איהר אין מיטען דרינען, לאָזט זיך דאָך אויך ניט, האָט ער אָבגעהיט אַ צײַט, ווען קײנער איז בײַ איהר אין קראָם ניט געװען, און איז אַרײַן, כלומרשט, אַ דרײַ־רובעלדיגס אָבבײַטען. אָפּגעביטען די דרײַ רובעל, ווײס ער ווײַטער ניט וואָס צו טהאָן. געפּרואווט מאַכען אַ שטועס מכח דעם חי אַ גוט ווײַב קען לעבען פֿאַר א יונגענמאַן אַ סוחר, קאָטאָרי פֿערדינענט די שעהנע עטליכע קערבלעך אַ וואָך, אײַנגעוואָרפען אין מיטען, אַז ער איז אַ בן־יחיד בײַם טאַטען, און איבער הונדערט־און־צוואַנציג יאָהר, וועט ער ע־ע...

נאָר וואָס מעהר ער האָט גערעדט, אַלץ שטײַפער האָט היענקע אויפגעקוועטשט איהרע ליפּען און אַלץ מעהר געקוקט גלײַך אויף דער וואַנד...

און וויסען דאַרפט איהר, אַז בטבע איז אָט דער צאַליע אַ שעמעוודיגער בחור, איז אַז ער האָט געזעהען די נענג איהרע, האָט ער אין גאַנצען פֿערלוירען דעם כח הדיבור, און האָט פּשוט ניט געוואוסט ווי די הענד אַהינצוטהון.

מיט אַ מאָל פֿאַלט איהם אײַן: „מ'דאַרף איהר אָקאָרשט זוײַזען, אַז איך בין ניט קײן קלענערער מעלענעט פֿון איהרע וואַרשעווער פּוסטע פּראַנטען".

און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען הרשה'נען וועגען זײַן חכמת־החשבון און סטאַטיסטיקע.

און אַז צאַליע האָט אָנגעהויבען רעדען פֿון זײַן חכמת־החשבון, איז דאָס גאָר אַנ'אַנדער מענש געוואָרען. וואו שעמעוודיגער בחור. וואו זאַהיקען זיך! — אַ גאַנצער פּראָפֿעסאָר און איז גאָר! — אַנטקעגען דעם וואָס איהר זאָגט ריפּמעטיקע, — זאָגט ער צו איהר — אַקוראַט זײ וואָלטען פֿאַר די לעצטע דרײַ שעה פֿון קײן אַנדער

ואַך ניט גערעדט, — זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז אַזוי זאַוזשנע ווי אַריפמעטיקע!? צי קויפט איהר אַ פונט צוקער, צי בויט אַ שיף, מוזט איהר אַלץ האָבען חשבון...

„אָדער, למשל, סטאַטיסטיקע, דאָס הייסט די חכמה פון וויסען די צאָהל פון יעדע זאַך. איז נאָך פאַרהאַן אַזאַ ווילטיגע זאַך ווי דאָס? אַט איהר געהט, למשל, חתונה האָבען, איז אויך גוט צו וויסען וואו מיר האַלטען אין דער וועלט... דהיינו, ביי היינטיגען טאָג, האָבען מיר אין רוסלאַנד זעקס מיליאָן יודען, פון וועלכע 1 מיליאָן 300 טויזענד און 39 זאָגען בחורים, און 2 מיליאָן 275 טויזענד מיידלעך. דאָס מאַכט אויס 1 און דריי־פערטעל מיידעל אויף יעדער בחור... יעדעס יאָהר האָבען חתונה 600,111 בחורים און אַזוי פיעל מיידלעך, הייסט עס, אַז יעדעס יאָהר בלייבען אויס 975,047 מיידלעך, אַז מ'זאָל אויפרעכענען וויפיעל אַלטע מיידען עס וועלען זיך אויפקלייבען אין אַ משך פון צעהן יאָהר, וועט... אויסקומען...

צאַליע האָט זיך געקליעבען מאַכען אַ כפל, ווען ער האָט אַ קוק געטהון אויף חיענקע'ן און איז געבליעבען שטעהן מיט אָנגעפענעם מויל.

די מויד איז געזעסען טוידט, ווי די וואַנד, מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, האָט, קענטיג, געוואָלט עפּיס זאָגען, נאָר ס'האָט איהר אַ פּנים געפעהלט אָטהעם...

— ע־ע... וויפיעל מיידלעך בלייבען אויסען יעדעס יאָהר?

— ניין־הונדערט־פינף־און־זיבעציג־טויזענד — זיבען־און־פערציג! מאַכט צאַליע האַסטיג, בנשימה אַחת, ווי די עשרת בני המן. און זעהענדיג, אַז עס ווירקט האָט ער צוגעגעבען מיט מעהר היטץ:

— וועלכע האָבען אפילו די האָפנונג נישט חתונה צו האָבען.

— קיינמאָל אין לעבען נישט? — איז די מויד אַ פערציטערטע געוואָרען.

-- קיינמאָל אין לעבען ניט... פאַר וועמען?!... אַז יעדעס יאָהר בלייבען איבער 975,047 מיידלעך... אָט פאַרגעס מיך... כל זמן ס'איז ניט שפעט... איך וועל זיין אַ גוטער מאַן.

זעהט די וואַרשעווער פּוסטע־פּראַנטקע, אַז ס'איז ביטער, לאָזט זי אַראָב די אויגען, און מאַכט:

— איך בין צופריעדען... זיים נאר גוט צו מיר...

מילא, וואס זאל איך דא אייך א סך בריען, — מ'האט גע־שריעבען תנאים.

לויף איך דאך אוועק צום בחור:

— צאַליע, וואו איז מיין שרכנות? — לאַלט ער זיך אויס פון מיר:

— איהר, זאגט ער, האט דעם שידוך אויסגעפיהרט? — סמאַטיסמיקע האט אויסגעפיהרט!

נאט אייך א נייעם שדכן — סמאַטיסמיקע!...



# פֿערגעסען די פּערל.

(פון יונה שרכן'ס מעשה'לעך)

---

## מעשה נומער צוויי

— אַנטקעגען דעם װאָס איהר זאָגט ליבּע שמיבּע. זאָג
איך אייך ס'איז װערט אַ געבּאַקטע ציבּעלע! בעט ביי מיר אַשמעק־
טאַבּאַק פֿאַר אייער גאַנצער ליבּע — בין איך קיין יוד ניט אויב
איך ניב אייך! אַ שמעק טאַבּאַק ניט, איהר הערט?!

הערט איהר, אַזוי װאָלט אייך אַלעמען געװען, װען
איהר װאָלט זיך געפֿיהרט װי אַ מאָליגע װעלט האָט זיך געפֿיהרט:
טאַטע־מאַמע האָבען געװעהען, אַז ס'איז צייט אַ קינד חתונה צו
מאַכען, האָט מען געהייסען יונה'ן רעדען שידוכים, און װאָס
טאַטע־מאַמע איז געפֿעלען, האָט געמוזט זיין גוט... בנאמנות,
נישט ערגער אָבגעלעבּט אַ לעבּען, װי די היינטיגע מיט זייערע
ליבּעס!... נאָר נאַרנישט, היינטיגע װעלט פֿאָדערט חתן־כּלה
זאָלען זיך אָנקוקען — אַדרבּה, קוק זיך אָן, איין מאָל און נאָך
אַמאָל, בּעקוקענט זיך, קיין קאַטץ אין אַ זאַק פֿערקויפֿט מען דאָך
נישט חלילה!... אָבּער ליבּעס שמיבּעס — אויסגעבלאָזענע אייער,
װי איהר זעהט מיך אַ יודען!

װאָרום באמת, איז דאָך דאָס אַ חוזק מעשה: איך יונה
לאַנד־שדכן, װאָס הונדערטער בּחורים מיט מיידלעך זענען שוין
דורכגעגאַנגען דורך מיינע הענד, און װאָס איך האָב זיי נאָך בּמה
מאות אויף מיין בּיכעל, בּין נישט קיין מבין אויף אַ חתן אָדער
אויף אַ כּלה, און אַ מאָלאָקאָסאָס, אַ פֿענטוק, אַ שטיקעל יונגע.

בתחילה — ער איז וואָס דער מבין!... טאַבּעַ-מאַמע, וואָס האָבען געלעבּט אויף דער וועלט, וואָס פּראַצעווען און האָרעווען, און זענען זיך מוסר נפש פון קינדערס וועגען, — וויסען נישט וואָס ס'איז גוט פאַר זייער קינד, און אַ שאַלטיק, אַ פערשיימטע מיידעל, זיי ווייסען דאָס, וואָס ס'איז „אַ גליק פאַר זיי".

וואָס זאָגט איהר? אַ בחור און אַ מיידעל זענען בעסערע מבינים איינע אויף די אַנדערע, ווי אַלטע לייט? — אָט וועל איך אייך דערציילען אַ מעשה, וואָס האָט פּאַסירט מאַקע אין פּיסטשע-נע גופא, וועט איהר זעהן וואָס פאַר אַ מבינים היינטיגע בחורים זענען.

וואַרשעווער, לאָמיר אַקאָרשט נעהמען אַ שמעק טאַבּאַק... אַ גוטער שמעק טאַבּאַק אין דער ריכטיגער צייט, לויטערט דורך דעם מוח. יאָ, איז, הייסט עס, אַנטקעגען דעם וואָס איהר זאָגט ליעבע-שמיבּע, מבינות.

אָט הערט די מעשה וועט איהר זעהן וואָס אייער מבינות איז ווערטה.

אברהם-בער וואָלד-סוחר קענט איהר דאָך? און דעם זיי-דעל זיינעם מאָטקע'ן — אייך? איז וואַרשעווע, איך בעט אייך, איז דער יחוס נישט איהם? באשר ער איז אַ שאַפער אין טאַטענ'ס וואַלד און קען שפּיעלען אין אַ אָקע?

שלאָגט איך אברהם-בער'ן פּאַר אַ שידוך, פאַר זיין בן, הייסט עס, מיט צדוק מלוה פון סלוצק. איהר קענט דאָך מן הסתם צדוק מלוה? ניין? האָט איהר, לכל הפחות, געהערט פון איהם? אויך נישט? אַ חידוש פון צדוק'ן נישט הערען! אַ יוד אַ עצום! אפילו אַ שטיקעל אכזר, נאָר וואָס איז שייך, דער יוד איז אַ אדיר! קרעמער זענען איהם שולדיג געלד, און פריצישע הייפען זענען ביי איהם פערמשכנ'ט, און דאַרף אַ יוד אַ וואַלד קויפען — אָ'ין צו צדוק'ן נאָך געלד, אַ סברה אברהם-בער אַליין ליעגט ביי איהם אויך אין יד. קורץ, דער יוד האַלט די גאַנצע סביבה אין האַנדע.

איז אָט-אָ-דער צדוק האָט אין גאַנצען צוויי שטיקלעך קינ-דער, אַ זוהן מיט אַ טאָכטער. איז דער זוהן, דער בן-יחיד הייסט עס, פערשיקט געוואָרען האָט, האָט אין די ווייטע מקומות, אויף שאַביר צו אויף פּאַסטעלענע... געמישט זיך, און יענע זאַכען..

איז בײַ איהם, הייסט עס, געבליבען די איין טאָכטער, שפרה הייסט זי, די בת יחיד׳קע, איז אָט אָט־אָ־די שפרה, הייסט עס, האָב איך געשדכנ׳ט פאַר דעם מאָטקע׳ן.

איז דאָס געווען אַ שידוך — גלײַך, וואָס גלײַך קען זײַן! אז דאָס מיידעל, פֿערשטעהט איהר מיך, איז אַ יפת־תואר, וואָס מען זעהט דאָס גאָר נישט אַזוינס. „לבנה־פנים״ האָט מען זי אין שטאָדט גערופען מילא, ביי מיר, פערשטעהט איהר דאָך האָט דאָך די גאַנצע מעשה אַ פנים פון חוזק: יאָ שעהן, נישט שעהן — אַ גרויסע נפקא מינא! נאָר די בחורים זיי געהן אויס נאָך איהר! וואָס פאַר אַ שידוך איהר זאָלט זיי נישט פאָרשלאָגען, איז זיי אַלין נישט געפעלען. אָט צדוק׳ס טאָכטער גיעב זיי אהער!..

שוטים, טענה איך מיט זיי, — וואָס ט׳איהר אַזוינס דער־זעהן אין צדוק׳ס טאָכטער?

— וואָס רעדט איהר? סאַראַ האָהר, און סאַראַ אויגען און סאַראַ פנים, טאַ־טאַ־טאַ סכנות נפשות!...

מילא שענקייט, דערויף זענט איהר גרעסערע מבינים אָבער וואו ס׳איז שייך צו נאַטור, כאַראַקטער, הייסט עס — לאָזט יונה׳ן.

און זאָגען זאָג איך אייך, אז איך האָב נאָך אַזאַ זיידענע נאַטור נישט בעגעגענט. פשוט אַ מענש אָהן אַ גאַל. שטיל, ווי אַ טויב און איידעל בטבע — דער הפך פון מאַמען. צו יעדערע־מיט׳ן שמייכעל, מיט׳ן גוט־מאָרגען, און פראָסט ביי זיך — אַ מחיה... דערזעהן עטעל די באָב־טרעגערין, דאַרף זי ביי איהר פרעגען וואָס זי מאַכט; יואל שיכטערס טאָכטער—איהר חבר׳טע; מיט לייבע גוי׳ס ווייב — אויך רעכט אָבשטעלען זיך רעדען אין מיטען גאַס! אז פון קיין גאוה ווייס עס נישט. וואָס דאַרפט איהר מעהר? אַ קינד געהט איבערן גאַס, וועט זי עס אָבשטעלען, אַ גלעט טהון איבער׳ן קעפעל, אָבווישען דאָס נעזעל, ס׳העמדעל פערשטעקען אין די הייזלעך, און אַמאָל אַ קאָפּיקע אויף צוקערקעס אויך געבען...

צי איז זי געווען אַ קענערקע? אַ שענע מעשה, בנאמנות: יענע האָט געקענט כמה לשונות: ווילט איהר רוסיש — איז רוסיש׳ דייטש — איז דייטש, היינט פּויליש, מיט גראַמאַטיקע, מיט ריפ־מעטיקע, מיט חשבנ׳ען, מיט־מיט־מיט וואָס איהר זאָלט אַליין!

יואָרום וויסען דאַרפט איהר, אַז ווי קאַרג צדוק איז נישט געווען — פאַר זיין שפרה'ן האָט ער נישט געזשאַלעוועט. ווילסט לעה־רערס, נאַ דיר לעהרערס, ווילסט ביכלעך — קויף ביכלעך. אַז זי איז ביי איהם איינע! איהר פערשטעהט, צי ניין?

קום איך רעדען דעם שידוך און מיין דאָך אַז ס'איז ווי ביי מיר אין קעשענע. וואָרום וואָס איז שייך אַזאַ שידוך נישט ווע־לען? אַז די כלה איז מיט אַלע מעלות — און איינע ביים טאַטען; און דער טאַטע איז אַ אדיר ועצום, לאָזט זיך אויס — בוידעם! אברהם־בער אַליין איז אַ צוקאָכטער געוואָרען: ס'הייסט, דער מיח האָט איהם אויסגעדאַרט, וואָס? ער זעהט נישט, אין וואָס פאַר אַ שמאַלץ גרוב זיין תכשיט פאַלט דאָ אַריין,

וואָס?

— ס'לעגט זיך מיר מאַכט ער, אויפ'ן מוח. לאָמיר הערען, וואָס דער זוהן מיינער וועט זאָגען אויף דעם ענין.

און גלעט די באָרד אַזוי מיושב'דיג: ניטאָ, הייסט עס, פון וואָס נתפעל צו ווערען. נאָר זעהען זעה איך, אַז דער ייד געהט פון די כלים אַרויס, פון שמחה.

שיקט ער דאָך אַריין רופען דעם בן זיינעם, און זאָגט איהם: אַזוי און אַזוי, מאָטעל, הער זיך צו וואָס ר' יונה שלאָגט דיר פאָר, אַ גליק פאַר דיר.

— מוחל, זאָגט ער, די גליקען, טאַטע. דו ווייסט דאָך, זאָגט ער, טאַטע, אַז איך וועל ניט חתונה האָבען „פאָ סוואַטאָי־סטוואו" . . .

געהערט דיבורים מיט אַ טאַטען!

— ווי דען־זשע — פרעגט אברהם־בער כלומר'שט געלאַסען.

— נאָר „פאָ ליובווי" — מאַכט דער בנ'דל — און קוקט דעם טאַטען גלייך אין די אויגען אַריין —

— און אויב דו ווילסט — זאָגט ער ווייטער — וועל איך דיר זאָגען ווער מיין כלה וועט זיין אויך.

— כ'ווייס, כ'ווייס, דיין משוגעת! — מאַכט אויף איהם אברהם־בער מיט די הענד.

דערהערט אַזעלכע דיבורים, קוק איך אויף אברהם־בער'ן: וואָס איז דער מייטש דערפון, הייסט עס? קוועטשט אברהם־בער צוריק מיט די פלייצעס און מאַכט מיט די הענד: וואָס זאָל איך

מהזן מיט איהם, הייסט עס? בעגראבען איהם, שונא ציון?, הייכטיגע קינדער!

— אזוי, זאג איך, ביזט נאר א חתן? מזל־טוב דיר, חתן!

קיין חתן, זאגט ער, בין איך נאך דערווייל נישט, נאר כ'וועל אין גיכען, אם ירצה השם זיין, ר' יונה.

— א הויגע זאך?

— ניין, מאכט ער, א באברויסקער.

— א באברויסקער? דארף איך זי דאך קענען!

— אודאי דארפט איהר זי קענען. אונזער בראקער זיס־קינד'ס עלטערע טאכטער.

— א שאלה צו איך קען זי, נישט איין שידוך גערעדט איהר פאר'ן לעצטען צעהנדליג יאהר... געזעהן זי בײַ אײַך אין וואלד אויך, מיט איהר טאטען.

— נישקשה פון א מיידעל, האַ, ר' יונה? — מאכט מאטקע און ווינקט מיר אונטער, א שטייגער איך וואלט געווען זיין חבר.

— אויף דער מיידעל, זאג איך, וועל איך דיר מיין מבינות נישט זאגען. נאר די גוטע יאהר זאל איך האבען, וואס מיט צדוק מלוה'ס טאכטער איז א גלייכערער שידוך פאר דיר.

— איי, געחטט, ר' יונה — מאכט ער אזוי אויפגע־רוימט, — איהר זענט עפעס א מבין אויף אויגען? איהר האט א פנים אין אייער גאנצער קאלעקציע אזעלכע כלות מיט אזעל־כע האהר, מיט אזעלכע צייהן.

— אויף צייהן, זאג איך, בין איך קיין מבין נישט, נאר, אז כ'האב דיר נישט געקוקט אין די צייהן, זעה איך אויך וואס פאר א פערד דו ביזט, זײַ מיר מוחל... וואס הייסט, דו ועסט ארויסלאזען א גליק־שידוך פון האנד צוליעב צייהן!... וואס איז די פעולה, זאג איך, אז מען האט שענע צייהן, אז זי האט קיין געלד נישט?

— דערפאר אבער, ר' יונה, זאגט ער, — האט זי פערל, אנשטאט צייהן.

— הײַנט גיה טענה מיט אזא בהמה.

מילא, װאָס זאָל איך אײַך דאָ אַ סך בריִען — פֿון מײַן שידוך איז נישט געװאָרען.

דער טאַטע האָט זיך געזעגענט, די מאַמע האָט געגעבען, גוטע פֿרײַנד האָבען זיך אַרײַנגעלייגט, איך האָב איהם געערדט — װי די װאַנד. נאָר דאָס מײדעל מיט די צײהן און דאָס מײדעל מיט די צײהן.

געזעהן, אַז זײ קענען גאָרנישט העלפען, האָבען זײ ל״ג בעומר געשריבען תנאים מיט דאָס מײדעל מיט די צײהן...

פֿון דאַמאָלס אָן, האָט מאָטקע אַלעמען פֿערדולט די קעפּ מיט זײַן כלה.

אַזאַ כלה — האָט ער זיך בערימט, — מיט אַזעלכע צײהן האָט נאָך די װעלט נישט געזעהן, דאָס איז, האָט ער געזאָגט, פּערל נישט צײהן. אַז זי גיעט אַ שמײכעל װערט יום־טוב אין שטוב... און כסדר האָט איהר נאָר פֿון איהם געהערט: כלה־צײהן, צײהן־כלה, צײהן־צײהן, אָבער צײהן און װידער צײהן... אַז ס'איז מיאוס און מאוס געװאָרען הערענדיג... מ'איהר שוין געזעהן אַזױנס, אַ כדיר זאָל זײַן אַזױ פֿערקאָלט אין צײהן?

אין עטליכע װאָכען נאָך די תנאים, האָט דער חתן אַדאָבגעבראַכט די כלה צו זײַנע עלטערן. האָט איהר געדאַרפֿט זעהן, װאָס ס'האָט זיך אָבגעטהון אין שטעדטעל? װיפֿיעל בחורים און מײדען עס זענען בײַ אונז פֿערהאַן, זענען אַלע געלאָפֿען אָנקוקען די כלה מיט די צײהן. מאָטקע אַלײן איז אומגעגאַנגען אַ שײַנענדיגער, און װעמען ער האָט בעגעגענט: געזעהן מײַן כלה? קום צינעהן, װעסט זעהן אױגען און צײהן״.

האָבען זיך שבת נאָך װאַרעמס אױפֿגעקליבען צו איהם אַ כאַליאַסטרע בחורים מיט מײדען — אפֿשר דרײַסיג פּאַרשױן — און ברענגען שוין גיעבער זעהן די כלה, און דער חתן, מאָטקע, דײַסט עס, האָלט שױן אױך געװאָלט װאָס גיכער בעװײַזען זײַן פּאַרשױן, לױפֿט ער צו אַלע װײַלע צו דער פֿערמאַכטער טהיר פֿון שלאָף־צימער און פֿרעגט:

— מאַניטשקאַ, דו שלאָפֿסט? — מאַניטשקאַ גאָר! — מאַניטשקאַ, דו טהוסט זיך אָן? מאַניטשקאַ, דו ביזט שוין באַלד פֿאַרטיג? מאַניטשקאַ, געדסט באַלד אַרױס? מאַניטשקאַ

מען וואַרט אויף דיר . . .

מאַניטשקאַ און מאַניטשקאַ . .

און מאַניטשקאַ, די כלה הייסט עס, ענטפערט פון הינטער'ן טהיר:

— אָט באַלד, אָט באַלד, מאַטוויי . . . — שוין גאָר מאַטוויי — כ'טהו זיך אָן . . . איין מינוט, מאָטיק, טרייב מיך נישט, וואָרום ס'פאַלט מיר פון די הענד.

— „גאָר אָט האָט מען זיך, גאָט צו דאַנקען, דערוואַרט — האָט מיר שפּעטער דערצעהלט פייַשע'ס בחור, וואָס איז אויך געלאָפען אָנקוקען דעם בייזען וואונדער — מאַניטשקאַ, זאָגט ער, איז אַרויס אַ אויסגעוואַשענע, אַ אויסגעפּוצטע, ווי אַ שררה'טע, מיט די דימענטע אויערענגלעך, מיט די בראָנזעליבעטען, מיט די מעדאַליאָנען, מיט כל הצאַצקעס און שמאָלטעס, און שמייכעלט אַזוי זיס — פּשוט אַ המן־טאַש מיט האָניג . . . און מאָטקע קוקט אויף אַלעמען אַרום זיך: „ט'איהר שוין געזעהן, הייסט עס, אַזאַ פאַרשוין מיט אַזעלכע פּערעלדיגע צייהן?"

זעהט ער אָבער, אַז אָנשטאָט צוריק צו שמייכלען צו זיין כלה, קוקען אַלע פריהער אויף איהר מיט דערשראָקענע אויגען, און דערנאָך אויף איהם — מיט פערוואונדערטע אויגען . . . פערשווינדט ביי איהם דער צופרידענער שמייכעל פון זיינע ליפּען, און ער ווידער, פון זיין זייט קוקט, ווי אַ צוטומעלטער, פריהער אויף די געסט, דערנאָך אויף דער כלה.

אַ קוק געטהון אויף דער כלה, איז ער האַסטיג אָבגעשראָקען אַ הינטער, געבליבען שטעהן מיט אַ אָפענעם מויל און אויסגעגלאָצטע אויגען; און בלייך — אַ שענער'ן לעגט מען שוין אין קבר אַריין.

— וואָס־זשע — פרעג איך ביי פייַשע'ס בחור, — האָט ער אויף איהר אַזוינס דערזעהן, וואָס ער האָט זיך אַזוי דערשראָקען?

— וואָס האָט ער דערזעהן? אַ חורבן האָט ער דערזעהן! אונזשען האָט נאָך געטאָרטשעט ביי איהר, וואו ניט וואו אַ צאָהן, נאָר אויבען — ווי ביי אַ פיש! . . . נאָר איין ציינדעל — אמת, אַ ווייסינקער — איז געשטאַנען אין מיטען עלענד, ווי אַ יתום, און האָט אַרויסגעקוקט פון דעם נאַקעטען מויל,

װאָס האָט געשמײכעלט, צי געװײנט — כ׳װײס אלײן ניט
װאָס...

— איז װאָס־זשע איז געװעזען דער סוף, װאָס?

— װאָס איז געװעזען דער סוף? — מאַכט פײשע׳ס בחור־
— זאָל דאָס שױן ניט זײן, װאָס ס׳איז געװעזען. װי אַ משו־
גענער האָט זיך דער חתן אַ חאַפּ געטהון פאַר׳ן קאָפּ, האָט
נאָר צײט געהאַט אױסצושרײען: „די צײהן!" איז אַ פאַל געטהון
צו דער ערד, װי אַ סנאָפּ און געחלש׳ט צום טױדט... די
כלה, װידער, האָט אַ פיהר געטהון מיט׳ן צונג איבער די הײליגע
„ריעסנעס", אַ געשרײ געטהון: „אױ, פערגעסען און גלאָז־
צוגעדעקט דעם פּנים מיט די הענד און איז זאַרײנגעלאָפען אין
בפאַלניע, און לאָטש האַקט איהר, כאָטש בראָקט איהר. חײ־
זי זיך ניט בעװײזען, ניט אָהן די פערעל, ניט מיט די פערעל.

צי איז דער שידוך אָבגעלאָזען געװאָרען? װאָס פרעגט
איהר! מ׳האָט נאָר צײט געהאַט איפּצופּעגען די קראָמען,
האָט שױן דער פּאָטשטאָװער גלעקעל אָנגעזאָגט, אַז מאָטקעס
כלה אַנטלױפט פון שטאָדט.

אָט האָט איהר אײן ליעבע־שטיבע, אָט האָט איהר אײך
מבינות...

בעט בײ מיר אַ געבאַקטע ציבעלע פאַר דעם, אָסור איב
איך גיעב!..

# צוויי הנאות

(פון יונה שו״ב'ס מעשה'לעך)

---

## מעשה נומער דריי

— צי נעהמט מען א מאל אב די גראבע מטבע־שדכנות־געלד, פרעגט איהר? — אוי, אוי, נעהמט מען א מאל די הונדערטערס! מילא פון די גרויסע לאנד־שדכנים איז דאך אבגערעדט. מען דערצעהלט, אז ווען לייבעלע בריסקער האט אויסגעפיהרט דיעם שידוך צווישען דעם קיעווער בראדסקי מיט דעם מאסקיווער פאליאקאוו, האט ער אבגענומען ניין אלפים שדכנות! נאר אפילו ביי מיר גופא האט שוין פאסירט, אז איך האב אבגענומען א מאה און מעהר פון איין שידוך. עס טרעפט, ווידער, אז דאס שדכנות־געלד איז ניט אזוי גרויס, נאר וואס דען — דער שידוך ווערט אבגעלאזען, און דו פיהרסט אויס ביי די זעלביגע חתן־כלה פרישע צוויי שידוכים. ס'האט שוין ביי מיר אפילו געטראפען, אז איך האב ביי איין חתן אבגענומען דריי מאל שדכנות.

אט הערט א טשיקאווע א מעשה.

געווען איז דאס צווישען פורים און פסח — די ענגסטע צייט פאר אונז שדכנים — וואָרום ווער וועט זיך אבגעבען מיט שידוכים פאר יום־טוב? — שטעה איך אזוי אין בית־המדרש נאך מעריב און קלעהר: וואו נעהמט מען א פאר קערי־בלעך אויף דער הוצאה? — ווענען פסח האב איך גאר מורא צו קלעהרען, — אבער קלעהר אהין, קלעהר אהער — כ'קען

גאַרנישט איבערקלערען. אפילו קריגען „אויף אַ מאַרקע" איז ניטאָ וואָהין אַרײַנצוגעהן. וואָרום דעם אמת געזאָגט איז שוין זינט שטאָרט ניט געווען קיין בעל־הבית, וואָס האָט אַ כּחור אָדער אַ מיידעל אין שידוכים, איך זאָל בײַ איהם ניט געהאַט געניטיגט אויף אַ מאַרקע...

און עטליכע גראָשען מוז איך קריגען. וואָרום אָהן אַ רעבעל ברויט איז גאַרניט שיך אַ היים צוקומען. בין איך זיך מיישב: פאַרוואָס ניט אַרײַן צו ר׳ הערש׳ן? דאָס מיידעל זײַנס איז נאָך אפילו אַ ציגע, קיין זיבעציגען יאָהר ניט אַלט, נאָר געהערט האָב איך אַז ער וויל מיט איהר אַ שידוך טהון. אַזוי צי אַזוי, אויף אַ מאַרקע וועט דאָך ר׳ הערש געבען...

האָב איך זיך געלאָזען איבער דער שיטערער בלאָטע. געקומען צו ר׳ הערש׳ס שטוב, אַרײַן אין פינסטערען פאָרהויז און גענומען זוכען די קליאַמקע פון טהיר. אַרומגעטאַפּט אין דער פינסטער פריהער איין וואַנד, דערנאָך די צווייטע ניטאָ קיין טהיר ערשט בײַ דער דריטער האָב איך זיך אָנגעשלאָגען אָן אַ גרויסער אײַזערנער קליאַמקע, אַנ׳עפען געטהון די טהיר און אַרײַן ניט אין שטוב, נאָר אין אַ פינסטערער ספּיזאַרניע, וואָס סוכות איז דאָס אַ סוכה, און אַ גאַנץ יאָהר שטעהען דאָרטען פעסלעך קרויט, אוגערקעס, ס׳ליגען דאָרטען עטליכע זעק קאַרטאָפעל, און ס׳איז אָנגעוואָרפען אַלץ וואָס ס׳איז נויטיג אין אַ בעל־בתישקייט און האָט אין שטוב קיין אָרט ניט.

האָב איך גלײַך דערזעהן, אַז איך בין אַרײַן ניט אַהין, וואו מען בעדאַרף, און האָב גענומען טאַפּען דעם וועג צוריק. פערטשעפּע איך זיך אָן אַנ׳ אַ נידעריגעשטעלטען דאָפּעל־פענסטער, פאַל־אום צוזאַמען מיט׳ן פענסטער און קיליע זיך אַרײַן אין אַ באַליע וואַסער, אַ פּנים אַ וועש געוועזען בײַ זיי דעם טאָג...

קוים מיט צרות אויפגעהויבען זיך, נאַס — כּמעט אויסצודרעהען — געה איך מיט די הענד פאָראויס, נאָר פערגעסען דיז אָן די פּיס, פערטשעפּע איך זיך נאָך אַ מאָל און פאַל אַרײַן אין אַ מולטער פעדערען...

ווי ס׳איז אַרויסגעקאַראַקעט זיך און אַרײַן אין שטוב, אויפגעזעפּענט די טהיר און בלײַב שטעהן די הענד צושפּרייט, דאָס וואַסער רינט פון מיר, ווי פון אַ דאַך פּסח־צײַט, פון קאָפּ ביז די

פּנים אין פּעדערען — אַ פויגעל פון יענעם זייט סמבטיון אין אַי נאַר.

דערזעהט מיך דער מווינוקעל זייערער און צערעוועט זיך:

— אוי, מאַמע, כ'האָב מורא!... אַנ'אָדלער...

— האָב קיין מורא ניט, גאָלד מיינס — טרייסט איהם די מאַמע — דאָס איז דאָך ר' יונה... זעהסט ניט די באָרד זיינע?...

האָט חברה יונגוואַרג אויסגעשאָסען אַ געלעכטער, און די מיידלעך קוויטשען, אַז ס'גיעהט זיך אַ חלשות אָן: אוי, איך חלש, אוי, איך חלש!...

און איך שטעה און עס פלאַמט מיר דאָס פּנים.

— וואָס ס'קען זיך, זאָג איך, טרעפען, האַ?! אַנ'אַקציע ניט פערלאָפען, האַ?!...

און חברה קאַטשעט זיך פון געלעכטער און חילען גאַרניט אויפהערען.

האָט זיך ר' הערש צובייזערט:

— וואָס פאַר אַ געלענדער אויף אייך, וואָס?!... און דו, כלי־מזיק, אויך — האָט ער זיך אַ קעהר געטהון צו דער עלטע־רער, צו סטישקע'ן.

— אַז—אַז—אַז איך קען זיך ניט איינהאַלטען... חי!...

— נו, נו, גענוג זאָל זיין צו לאַכען!... און איהר, ר' יונה, טהוט אויס דעם איבער־בגד און שטעלט זיך ביי דער הרובע, טריקענט זיך אָב.

האָב איך זיך ניט געלאָזט בעטען, אַראָבגענומען דעם בגד און געשטעלט זיך ביי דער הייצענדיגער הרובע.

אין אַ פּאָרע שלאָגט פון מיינע נאַסע פּליודערען, ווי פון אַ באָד־אויבען...

— קאַלט, ר' יונה? — מאַכט, ר' הערש — זעצט זיך צום טיש און טרינקט אַ גלעזעל טהע. אפשר אַ ביסעלע בראָנפען פריהער? אָנוואַרימען זיך, האַ?

האָט מען זיך געזעצט צום טיש, גענומען אַ ביסעל בראָנ־פען, אויסגעטרונקען צוויי גלאָז טהע, אָבער עס האָט מיר נאָך אַלץ געטריסעלט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן.

און דאָס האָב איך בחזקה, אַז ווען עס טרייסעלט, איז די בעסטע רפואה אַ גלעזעל פונש: אַ זיסע גלאָז טהע, היימט עס,

מיט אַ ביסעל בראָנפען אינוועניג...

נאָר ווי מאַכט מען עפּעס אין מיטען דרינען פּינטשען? בפרט, אז שרה-פייגע ר׳ הערש׳ס ווייב, איז גרייט פאַר יעדער שטיקעל צוקער די אויגען אַרויסנעהמען זיך.

וואַרט איך ביז זי געהט אַ ווײַלע אַרויס אין קיך, לעג מיר אַריין די פיינע דריי צינעלעך צוקער אין גלאָז אַריין, גיס אַריין די גוטע ביסעל שנאַפּס, אַרומגענומען די גלאָז מיט׳ן האַנד, שרה-פייגע זאָל ניט זעהען, וואָס דאָרטען טהוט זיך, קוועטש מיר שטילערהייט דעם צוקער, און שמועס מיר מיט ר׳ הערש׳ן.

— האָב איך, זאָג איך, פאַר אײַך אַ שידוך, ר׳ הערש — אַ בחיר! דער בחור אַליין אַ שיינע כלי, אָבער מאַכן גאָר אַ שענס: ווילט איהר בילדונג, איז בילדונג, קענערײַ — איז קענערײַ... מיט דער טייערער שטעל, מיט פרנסה, מיט פערדינסט, מיט, מיט, מיט...

דאָ דאַרף דער גוטער יאָהר מיך אַמאָל אָנטראָגען שרה-פייגע׳ן, ווייל איך דאַרף זי זאָל ניט זעהען דעם צוקער אין גלאָז, גיעב איך שטאַרקער אַ קוועטש מיט׳ן לעפעלע, קוועטש איך אַ שטיקעל גלאָז, און דער הייסער בראָנפען צוגיעסט זיך אויפ׳ן טיש, און פון טיש צו מיר אויף די קניע...

הערט איהר, ווען מיר עפענט זיך דאַמאָלס אַ קבר, וואָלט איך אַ לעבעדיגער אַהין אַריינגעשפרונגען. ניט אַזוי, וואָס כ׳האָב מיר אָבגעבריהט די פיס, ווי די בזיונות פאַר שרה-פייגע׳ן...

— ווי קומט אַהער, זאָג איך, צוקער אין גלאָז — חײַם איך אָסור!...

זאָל זי מיינען ר׳ הערש האָט עס מיר אַרײַנגעלעגט...

חברה יונגוואַרג האָט גאָר אויף דאָס ניי אויסגעשאָסען אַ געלעכטער.

ר׳ הערש איז דאָך אָבער דער איידעלער מענש. בערוהיגט ער מיך:

— נו, נו, חלילה, קיין סכנה ניט.

און שרה-פייגע אַוודאי אויך:

— אַ גלאָז, זאָגט זי, צעבראָכען, אַ סימן מען וועט, אם ירצה השם, אין גיכען טעפּ ברעכען — ווער איז דער מחותן ווער?

— דער מחותן? זאָג איך, טאַקי אַ דערביַיאיגער, ר׳ צמח בראַנציצער, וואָס האַלט דעם וואַלד אין בראַנציַין, און דער זוהן איז טאַקי אַ זוהן זייַנער. . . דער חתן מייַן איך.

— נו־נו — האָט ר׳ הערש אַ מאַך געטהון, מיט׳ן האַנד: נישטאָ הייסט עס, פון וואָס נתפעל צו ווערען — און וואָס טהוט דער חתן אַליין, וואָס?

— דער חתן? — ביַים טאַטען אין וואַלד איז ער, דער חתן.

און ווי איז ער עפּעס אין—אין—אין . . .

— וואָס אַהרט אייַך, זאָג איך, ר׳ הערש?! דאָס איז אַ בחור, וואָס גאָט און לייַט ווערען פון איהם הנאָה האָבען.

— אָט דאָס אָ איז דער עיקר, קיין צו־גרויסען קענער, קיין שוויסטון דאַרף איך אייך ניט. . . פאַר מיַינעטוועגען וואָלט ער נאָר ניט געוואוקסט פון די היינטיגע שטות׳עריַיען, נישט מעהר, נאָר הויב זיך אָן מיט איצטיגע קינדער. הייַנטיגע ווילען זיי. . . אָבער דער עיקר ער זאָל זיַין אַ מענש צווישען מענשען און, און אַ שטיקעל יוד איהר פערשטעהט, וואָס איך מיין?

— פּטור, נו . . .

איז דעם אמת גערעדט, האָב איך פון דעם ענין ניט געהאַלטען, וואָרום דער בחור, צווישען אונז גערעדט איז אַ פּוסטע כלי, און איז שוין איינמאָל געווען אַ חתן אויך — טאַקי מייַנער אַ שידוך — און איז כלל ניט קיין פּאָר קליידער פאַר ר׳ הערש׳ס אַ טאָכטער. מיין כונה איז נאָר געווען: קריגען אויף אַ פּאָר מאַרקעס מאַך איך דאָך אַ שמועס מכח אַלצעהן און דרייַצעהן: מען דאַרף, הייסט עס, דורכשרייַבען זיך מיט׳ן מחותן, ר׳ הערש גיעט אויף אַ פּאָר מאַרקעס . . .

איז זיך מישב ר׳ הערש — ער וועט איהם אויף מאַרקעס ניט געבען.

היות דער שידוך לעגט זיך איהם אויפ׳ן מוח, וויל ער איך זאָל טאַקי מאָרגען אַריבערפאָהרען און אַ טאַפּ טהון דעם אַנדער׳ן צד, אויב עס וועט זיך לאָזען רעדען. זאָל איך תיכף ומיד קומען מיט׳ן חתן.

— פערשטעהט איהר מיך, ר׳ אַברהם׳ל יש מעם בדבר... אַ מעשה מיט אַ וואַלד קויפען, טאַקי אין בראַנציין . . . טאַקי מיט

דעם צמח׳ן . . . עס קען קאַליע ווערען . . . מילא, וואָס ארט איך — פאָהרט! אויף הוצאות־הדרך — גיעב איך.

בין איך געפאָהרען און געקומען פריהער מיט׳ן חתן אליין. יערנאָך איז דער חתן געקומען מיט דער מאַמע׳ן און אין אַלט טאָג ארום האָט מען געבראָכען טעפּ, און איך האָב אָבגענומען צוויי מאָל ח״י קערבליך שרלגות־געלד במזומנים פון חתנ׳ס צד שוין אַ צווייטען מאָהל — אַ חיין, וואָס דער טאַטע זיינער. האָט מיר אַרייַנגעשיקט אַ קלאַפּטער בערעזענע האָלץ.

פערשטעהט : ה׳ דאָך, אַז איך האָב געהאַט אַ פרעהליבען פסח : אַ קלייניגקייט אַזאַ מטמון מיט געלד אָבגענומען! —

נאָר נאָך פרעהליכער איז געווען דער נאָך יום־טוב.

די מעשה דערפון איז אַזוי געווען :

אויף די ערשטע טעג פסח האָט מען דעם חתן אָבגעאַלט צו דער כלה. אויף די אַנדערע טעג, האָט די כלה געדאַרפט פאָהרען מיט׳ן חתן צו זיינע עלטערען.

דער חתן איז געקומען צופאָהרען צוויי טעג פאַר יום־טוב, און ביז פסח איז שוין די כלה געווען אַ פערסמאַליעטע, די שוועסטערלעך איהרע זענען נאָך איהם אויסגעגאַנגען, די מחותנת׳טע האָט זיך געשמאַלצען פון נחת.

אַיין ר׳ הערש נאָר איז ניט שטאַרק צופריעדען געווען :

— עפּעס צו האָפערדיג איז ער, צופיעל לי־לי־לאַ, מיט די מיידלעך אין די ווינקעלעך . . . מען רוימט די שטוב — כאַפּט ער תוזק, מען איז מבער המין — שמייכעלט ער, מען עסט ערב־פסח בולקע מיט מילך — חכמה׳ט ער זיך דריבער . . .

דערפאַר האָט די כלה אָנגעקוואָלען. אַזאַ חברה־מאַן, אַזאַ וויצלינג! ווי ער מאַכט עס אַ ביסעל נאָך, ווי דער טאַטע געהט מיט׳ן פעדער־וויש און שאַרט די ברעקלעך פון די פענסטער ביי בדיקת חמין! אָהן זיכען קען מען בלייבען לאַבענדיג! הייַנט האָט איהר געזעהען, ווי ער פערקאַטשעט די פאַליעס און שטעלט פאָר, ווי מען טובל׳ט כלים! איינגעהן קען מען פון געלעכטער קוקענדיג אויף איהם.

אויף אַזאַ הייַנטיגען האָט זי זיך אַליין ניט געריבט, אוי, אַ געזונטעניו אין איהם! . . .

נאָר וואָס פאַר אַ „הייַנטיגען״ חתן זי האָט, האָט זי ערשט

געזעהען צום ערשטען סדר.

געקומען מיט'ן מחותן פון שוהל, האָט ער זיך גלייך גענומען צו דער בלאַט צייטונג, וואָס ער האָט מיט זיך געבּראַכט נאָך פון דער היים, פון צייט צו צייט געוואָרפען אַ בליק אויף דער כלה: וואָס זאָגסטו, הייסט עס, אויף די נאַרישע צערעמאָניעס? מיר, היינטיגע, האַלטען ניט פון די זאַכען.

געזעצט זיך צום טיש, האָט ער אַוועקגעלעגט די גאַזעטע נעבען זיך און צוגערוקט די הגדה מיט אַזאַ פנים, אַזוי ווי ער וואָלט זאָגען: צוליעב טהון די אַלטע איך, וואָס זאָגסטו, טייבעלע,

די כלה האָט איהם צוגעשמייכעלט.

ווען ר' הערש האָט גענומען אָנגיסען די כוסות, האָט זיך דער חתן ווייטער איבערגעוואונקען מיט דער כלה און אויפגעני כלומר'שט פערטיפט זיך אין דער אַלטער בלאַט-צייטונג.

ר' הערש האָט קיין זוהן ניט געהאַט. פלעגט איהם אַ טאָכטער פרעגען די פיער קשיות, היינטיגס יאָהר איז ער זיך מישב. ער וועט דעם חתן מכבד זיין מיט די קשיות פרעגען. אַ צוקינפטיגער איידעם איז אַלץ איינס, ווי אַ זוהן. אַלץ גלייכער אַ מאַנסביל זאָל פרעגען פיער קשיות, ווי אַ בתולה.

ניעט ער אַ קוק אויפ'ן חתן און רופט זיך אָב צו איהם:

— נו, חתן, לעג נאָר אַוועק די בלאַט-צייטונג און פרעג, אַ טשיקאַוועס, די פיער קשיות.

אויף אַזאַ מין כבוד האָט זיך דער חתן ניט געריכט. און איז פון דעם שטאַרק ניט צופריעדען געווען.

געה מאַך זיך דאָ „נאַריש" פאַר דער כלה אין די אויגען... וואָס פאַר אַ פנים וועט ער ביי איהר האָבען?

פאַלט איהם איין, ער וועט זיך אַרויסדרעהען מיט אַ וויטץ און אַ וואונק געבענדיג דער כלה, ווי איינער זאָגט: קוק, חעסט דו זעהן, וואָס פאַר אַ שפּיצעל איך וועל דאָ אָבטהון, — האָט ער לוסטיג אַ זאָג געטהון:

— פיער קשיות? אַך, איך קען פרעגען האָטש פיער-און-צוואַנציג... די ערשטע קשיה איז: ווערט ביי אַ יודען אַ געשוויער אַלע ערב-פסח, וואָס ער זיצט אויף קישענס?... די צווייטע קשיה איז: פאַר וואָס טונקען מיר איין צוויי מאָל? איז ניט בעסער איין מאָל טרינקען, איידער צוויי מאָל טונקען?... די דריי-

טע קשיה איז: וואָס זענען מיר ענדיקעס, וואָס מיר שלינגען קניידלעך? ... די פירטע...

נאָר די פירטע קשיה איז איהם שוין ניט אויסגעקומען צו פרעגען:

ביי דער ערשטער קשיה האָט אויף איהם ר׳ הערש אויסגעשטעלט אַ פּאָר פערוואונדערטע אויגען, ביי דער צווייטער קשיה איז דער יוד בלייך געוואָרען, ווי דער טויט, ביי דער דריטער קשיה איז ער רויט געוואָרען, ווי אַ בוריק, און ביי דער פירטער קשיה האָט ער אַראָבגעלאָזען דעם התן אַ פּראַסק אין איין באַק און אַ פּראַסק אין דער אַנדערער באַק, און נאָך אַ מאָל אַ פּראַסק אין איין באַק און אַ פּראַסק אין דער אַנדערער באַק, שרייענדיג דערביי אַ צוקאָכטער:

— נאַ דיר, שייגעץ, אַ תירוץ אויף דער ערשטער קשיה!... (פּראַסק) נאַ דיר, עזות־פּנים, אַ תירוץ אויף דער צווייטער קשיה!... (פּראַסק) דאָס איז דיר, מחוצף, אַ תירוץ אויף דער דריטער קשיה! (פּראַסק) און אָט האָסט דו, לחדאַצורא, אַ תירוץ אויף אַלע דיינע אַרצי־עזות־מחוצפדיגע קשיות!... (פּראַסק).

איז די מחותנת׳טע איפגעשפרונגען, ווי אַן׳אָבגעבריהטע, די מיידלעך האָבען ביי יעדער פרישען פּאַטש אַרויסגעלאָזט אַ פרישען הילכיגען קוויטש, די כלה האָט געחלש׳ט, און דער התן האָט געכאַפּט הענד און פּיס און איז אַנטלאָפען, פערגעסענדיג אַפילו צו פערהאַפען זיין בלאַט־ציימונג...

דערהערט אויף מאָרגען אין שוהל די מעשה, האָט מיר אָן צווייען הנאה געטהון: ראשית, וואָס דער שייגעץ פאַלט ניט אַריין צו ר׳ הערש׳ן פאַר אַן׳איידעם; והשנית, וואָס איך וועל נאָך אַ מאָל פערדינען שדכנות...



# דער גרויסער געווינס.

---

I

מלכה, זימעל האָליץ-העָנדלער'ס ווייב, געהט אום אהן אַ כּוח:

פערבליבען אין גאַנצען צוויי וואָכען צו יום-טוב, און אויף אַ ענדיק אויף פּסח איז גאָר קיין אויסזיכט ניטאָ.

אַלע יאָהר אין דער צייט, שפּאַצירט שוין גדלות-דיג אַרום אין אַלקעריל אַ דרייסיג-פינטיגער ענדיק, וואָס בלאָזט פון זיך און בייזערט זיך מעשה בעל-הבית, ניט פיהלענדיג, אַז די קיסקעלעך מיט די פערפעלעך גיעט מען איהם ניט פון זיין הנאה וועגען...

און היי-יאָהר — ניט אומקעהרען זאָל זיך אַזאַ יאָהר, טאַטע זיסער! מישטיינס געזאָגט האָליץ-העָנדלער! שטענדיג אַ קאַלטער ווינטער, לעבט מען זיך ווי עס איז דורך און מען מאַכט אַ פּסח ליכטען גלייך, אָבער, אַז פון ווינטער איז גאָר קיין זכר ניט געווען דאָס יאָהר, איז טאַקי ביטער, וואָס ביטער הייסט.

ווי אַזוי מען וועט אַריינשלעפּען דעם פּסח אין שטוב ווייס איין גאָט אין הימעל.

אמת, מצה האָט מען שוין אָבגעבאַקט, אַ פעסעלע בוריקלעך אויך פערזאָרגט, נאָך אַ שטיק פאַר פּורים, אָבער מיט מצה און ראָסעל קען מען דאָך דעם פּסח ניט אָבפּטר'ן. מען דאַרף שמאַלץ, אייער, קאַרטאָפעל, אַ קינד אַ ציבעל, אַ קאַפּאָטקעלע, מען קען עפּעס אויסרעבענען, וואָס מען ברויכט

אַ ערב־פסח ?!

נאָר דאָס אַליין קימערט מלכּה'ן ניט אַזוי שטאַרק, ווי דער ענדיק.

אָהן אַ ענדיק, איז בּיי איהר דער יום־טוב קיין יום־טוב ניט.

פּרוּבּירט איהר זימעל טרייסטען:

— מילא, וואָס עסט דו זיך אַזוי אָב דאָס האַרץ, איז אָהן אַ ענדיק, מ'וועט, חלילה, הונגעריג ניט בּלייבּען: מצה פאַרהאַן? בּוריקעס פיהלט ניט? קאַרטאָפעל וועט זיין, שמאַלץ וועט אויך ניט פעהלען, איז אַ איי, אַ ציבּעלע — הלוואי אַ גאַנץ יאָהר ניט ערגער...

— אַי, סאַראַ מאָדנער מענש דו בּיזט, זימעל! — מאַכט מלכּה פערדראָסיג, ס'געהט דאָ אַ פּנים וועגען דער אכילה? דו ווייסט, דוכט זיך, אַז איך בּין אַלעמאָל די לעצטע... ניט מעהר, עפּעס פּסח אָהן אַ ענדיק — פערשטעהסט?... אַכט־און־צוואַנציג יאָהר אַ בּעל־הבית'טע פאַר זיך, און קיינמאָל ניט געוועזען אָהן אַ ענדיק אויף פּסח, און היינט...

און מלכּה קעהרט זיך אָב אָן אַ זייט דער מאַן זאָל ניט זעהן, ווי די אויגען זענען איהר פול געוואָרען מיט טרעהרען.

אָבער נאָך איהר שווייגען, פערשטעהט שוין זימעל, אַז „ס'וועט פייכטליך", און וועלענדיג טרייסטען זי, מאַכט ער פון איהר אַ בּיסעל ליצנות:

— אַי, אַי, אַי, וואָס'ר אַ „הלעיטיני נא" דאָס איז!.. ניטאָ קיין שטיקעל קראַפּ פון ענדיק, גיסט זי מיט טרעהרען ווי ערב יום־כּיפּור צו ליכט בּענשען.

— יאָ, „ליטיינענע" — כליפּעט מלכּה ווישענדיג די טרעהרען מיט'ן בּרעג פאַרטוך, — ס'איז פּשוט אומעטיג אין שטוב אָהן איהם...

זימעל'ן אַליין דריקט אויך דאָס האַרץ, נאָר ער איז דאָך עפּעס אַ מאַנסבּיל, מאַכט ער קוראַזש:

— איי, אידענע, אידענע! צוכליפּעט זיך, פרעג וואָס!

— אַ חרפּה פאַר שכנים... ערב־פּסח, און שעלטהויז... מען קומט זיך צונויף... אַ רעדעריי: עפּעס זעהט מען מלכּה'ן ניט... לייטישע צינגער... דערלעבט...

— נו, נו, געווינס זאָל זײַן! זײַ נישט קיין שוטה... געווינס זאָל זײַן, זאָג איך! אַ פֿרעמדער מענטש געהט...

די מתיר האָט זיך לאַנגזאַם געעפֿענט און עס האָט זיך באַוויזן פֿריִער — אַ קאָפּ פֿון אַ מענטשן, דערנאָך — אַ קאָפּ פֿון אַ ענדיק, נאָך די צוויי קעפּ האָט זיך ווײַטער־אויסגעגלעטט אַרײַנגערוקט געצעל פּלעטניק.

II

געצעל פּלעטניק, אַ ייד שוין אין די פֿופֿציגער, האָט זײַן גאַנץ לעבן אָבגעלעבט דערפֿון, וואָס ער האָט שטענדיק עפּעס „געפּלעט".

דאָס טראָגט ער זיך אַרום מיט אַ גאַנג חומשים, דאָס קלײַבט ער פּלעטען אויף אַ צוקער־פּושקע, ער רײַסט אויס זעקסערס אָדער צענערס — נאָכ'ן חפֿץ נאָך — אויף אַ תנ"כ'ל, אויף אַ פּאָר מעשענע לײַכטער, וואָס דאַרפֿן זיך אָט־אָט פּלעטן, „ס'פֿעהלט נאָר איין נומער"; ערב יום־טוב געהט ער איבער די הײַזער מיט אַ גאַנג מחזורים אָדער מיט אַ האַלבע טוץ „פּראַזשעטענע" טהע־לעפֿעלעך. נאָר אַז אימיצער זאָל ווען געווינען פֿון זײַנע „פּלעטען" — געדענקט קיינער נישט.

געזאָגט האָט מען, אַז ער פּלעט קיינמאָל נישט; נור פּטור ווערען פֿון געצעל'ן נישט געבענדיג איהם אַ „פּלעט", איז נישט פֿון די גרינגע זאַכען: געצעל איז אַ ייד, וואָס אײַלט זיך נישט, גיעט איהר איהם נישט גלײַך דעם זעקסער, פֿוילט ער זיך נישט אָבצושטעהן אַ שעה און צוויי, און שעמט זיך נישט אָנצובײַזערן זיך, און אַז דאָס העלפֿט אויך נישט, איז רעכט גוט אויסזידלען, מעג עס אפֿילו זײַן די שענסטע בעל־הבית'טע.

נאָר איינמאָל אין יאָהר גיעט מען איהם גערן די „צעהן גראָשען אַ פּלעט" — פֿאַר פּסח.

אַלע יאָהר, צוויי וואָכען פֿאַר פּסח, קויפֿט געצעל אַ גרויסען ענדיק — „אַ קאַלב נישט אַ ענדיק", — בינדט איהם די פֿיסלעך, און לאָזט זיך אַרויס איבער די הײַזער קלײַבען

פלעָטעָן.

„אין גאַנצעַן הונדעָרט פלעָטעָן“ — ווי עֶר זאָגט, און „דריי הונדעָרט פלעָטעָן“, ווי די וויבּעָר זאָגען,

אָבּעָר ווי די מעשה איז, די צעָהנעָרלעָך טראָגט מעָן איהם אַנטקעָגעָן, ווארום דאָס ווייס מעָן זיכּעָר, אז דעָם עֶנדיק פלעָט עֶר טאַקי באמת.

אָט האָט פאַר אַ יאָהרעָן חיצעָ הירשעָל־שאול ביילעָס געָזאונגעָן דעָם ענדיק, פאַר צוויי יאָהרעָן — עֶטיל מעָניעָ קאַלבּ׳ס פאַר דריי יאָהרעָן — גוטקעָ די נייעָ גביר׳טעָ —

אַ גביר האָט דעָם מזל...

---

III

דעָרזעָהן געָצל׳ן מיט׳ן עֶנדיק האָט מלכּה איסגעָווישט די אויגעָן און געָוואָרפעָן אַ בּליק אויפ׳ן מאַן.

אפשר, היימט עָס, ועָט דורך איהם קומעָן די ישועה...

— וואָס וועָט איהר עֶפּעָס זאָגעָן, ר׳ געָציל? — מאַכט זימעָל.

— וואָס זאָל איך זאָגעָן וואָס? גיעט אַ פלעָט אויפ׳ן בּחור און מיר׳ן זיך רוקעָן ווייטעָר — מאַכט געָציל אָנגעָבּלאָזעָן, אָנווייזעָנדיג מיט׳ן קאָפּ אויפ׳ן „בּחור“.

— איהר וועָט דאָך איהם אָבּעָר ניט פלעָ־עָטעָן? — זינגט זימעָל אויס מיט אַ גמרא־ניגון.

— ניט פלעָטעָן? — בּורטשעָט געָציל בּרוגז — וואָס־זשעָ וועָל איך מיט איהם טהון? אין צימעָס לעַגעָן?...

— און אַליין וועָט איהר ניט פעָרדרייהעָן אַ שטיקעָל עֶנדיק?

— איך דאַרף קיין עֶנדיק ניט, איך... פאַר מיר איז געָנוג מצה מיט ראָסעָל... ענדיק!..

— גיעב איהם, גיעב איהם אַ פלעָט — בּעָט מלכּה — מ׳קעָן וויסעָן?...

— מיר׳ן איהם געָבּעָן אַ פלעָט — מאַכט זימעָל מיט *

ברייטקייט, א שטייגער ווי ער וואָלט דאָ געדאַרפט שענקען א הונדערטער — וואָס קאָסט אַ פלעט?

— תרפּ״ט אַלפים קערבלעך!... — בייזערט זיך געציל — וויפיעל קאָסט אַ פלעט? — אַ צעהנערל!

— נו, פערשרייבט. וואָס פאַר אַ נומער וועסט דו נעהמען, מלכה? גראָד צי אום?

מלכה האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהון: אַ קליינינקייט, וואָס זי שטעלט דאָ אין קאָן! זאָל זי נעהמען אַ „גראָד", טאָ מער איז „אום" מזל'דיג. אויסקלויבען אַ „אום" — טאָמער איז אַ „גראָד" בעשערט צו געווינען דעם ענדיק...

— כ'ווייס, זאָגט מלכה קווענקלענדיג, — כ'ווייס, נעהם וועלכען דו ווילסט.

— איך מיש זיך ניט אין די זאַכען — וויל זימעל אויך זיך ניט שטעלען, — טהו ווי דו פערשטעהסט...

ביי מלכה'ן האָבען זיך די הענד אַראָבגעלאָזען.

וואָס טהוט מען דאָ? גראָד צי אום? אום צי גראָד?...

— ווייסט דו וואָס, זימעל? — האָט זי זיך מיט אַ מאָל דערפרעהט, — נעהם גאָר צוויי נומערען! אַ גראָד מיט אַ אום!...

— טאָקי! אַוועקגעבען איהם אַ גאַנצען גריוועננוק?... האָט זיך זימעל פערקרימט, — האַ? אַ עברה געלד!...

— גיעב צוויי פלעטען, זימעל, גיעב, זאָלסט דו געזונד זיין! דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז דאָס געווינס וועט אַריינפאַלען היינטיגס מאָל צו אונז.

זימעל האָט אַרויסגענומען די גרויסע לעדערנע ביימעל, האָט זיך לאַנג געפּאָרקעט דאָרטען, האָט אַרויסגעשלעפּט אַ קליינינקען זילבערנעם צעהנערעל און פינף איינציגע קאָפּיקעס איבערגעגעבען עס געציל'ן און געזאָגט:

— מ'נא! איז נאָך צעהן קאָפּיקעס אַרויסגעוואָרפען קאָסט אַזוי פיעל יום־טוב, זאָל קאָסטען נאָך עטליכע קאָפּיקעס.. צו וואָס ווייבער קענען ברענגען... נאַ, בעהאַלט די נומערען. דו האָסט די נומערען כ״א און ל״ו...

—אין אַ מזל'דיגער שעה, האָט מלכה שטיל אַ זאָג געטהון.

פון דאַמאָלס אָן איז מלכה'ן דער ענדיק פון זינען ניט אַרויס. דאָס האַרץ זאָגט איהר, אַז דאָס געווינס וועט צו איהר אַרייַנפאַלען... אָבער טאָמער ניט?.. ס'איז דאָך אַלע מאָל אַווי, בשעת עס געהט מיט'ן פוטער אַראָב, געהט מיט אַלעמען.

נוד פונדעסטוועגען, האָט זי שוין בעטראַכט דעם ענדיק בעסער, ווי איהר אייגענס. עפּעס האָט זי זיך געפיהלט, ווי נאָהנט צו איהם.

טרעפט זי געציל'ן אין גאַס שלעפּענדיג דעם ענדיק פאַר די געבונדענע פיסלעך, אָדער צוזיפּגעקוועטשט אונטער'ן אָרעם, שטעלט זי איהם אָב און רעדט איהם אויס:

— וואָס דאַרפט איהר איהם אומשלעפּען מיט זיך? איהר מאַטערט דאָך פון איהם אַ תל, מאַטערט איהר דאָך...

— דערווייל נאָך ניט אייערער — שנייַדט אָב געציל,

— וואָס אַהרט אייַך?

— ס'איז דאָך אַ צער-בעלי-חיים — פערדריסט מלכה'ן, ניט דאָס עסט, ניט דאָס טרינקט, אַ געבונדענער, אַ צו-קוועטשטער... זעהט נור, ווי ער זעהט בייַ אייַך אויס!...

— נאָך פרעמדע ענדיקעס אפשר קאָרמענען אייַך?...

— אָבער ס'איז דאָך אויף אייַך אויך אַ רחמנות — פּרובירט מלכה אַרויסדאַמטווען דעם ענדיק אויף אַ אַנדער אופן — שלעפּ זיך אַרום אַ גאַנצען טאָג מיט אַזאַ משא... די הענד קענען דאָך פער'חלש'ט ווערען!... מען וואָלט אייַך ניט געבען אַ פּלעט, אַז איהר וואָלט דעם ענדיק לאָזען אין דער-היים?...

— אודאי, וואָס פרעגט איהר! עפּעס גרינג אָנגעקומען נעהמען בייַ אייַך אַ פּלעט אפילו מיט'ן ענדיק?...

מלכה זיפצט אָב און געהט אַוועק.

טהו, מאַך עפּעס מיט'ן אַכזר!..

און ווינציגעל מאָל נאָכדעם זי האָט ניט בעגעגענט געציל'ן אין גאַס, — האָט זי יעדעס מאָל געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך?

— מ'וועט אייַך שוין אָנזאָגען! — וואָרטשעט געציל און געהט ווייטער.

אָבער, אַז מען לעבט, דערלעבט מען.

---

IV

צו בדיקת־חמץ, זימעל האָט נאָר וואָס צולעגט שטיקלעך האַרטען ברויט אויף די פענסטער, און געקליבען זיך אָנהויבען „געפינען" חמץ, ווען די טהיר האָט זיך געעפענט און געציל, ווי זיין שטייגער איז, אַריינגעשאַרט אין שטוב מיט אַ זייט פאָר־אויס — דאָס מאָל, אָהן ענדיק.

— געוואונען! — האָט ער קורץ און ווי ברוגז, אָנגעזאָגט. מלכה האָט אַ פּאַטש געטהון מיט די הענד:

— גאָט צו דאַנקען!

און איהר פּנים שטראַהלט פון שמחה.

— ניט געריכט זיך — שמייכעלט זימעל צופריעדען.

— טו וואו־זשע איז ער? — וויל זיך שוין מלכה מיט איהם זעהן, וואָס ניכער.

— און אָנזאָג־געלד? — וויל געציל וויסען.

— וואָס'ר אָנזאָג־געלד?

— אַ פּנים קיינמאָל קיין ענדיקעס ניט געוואונען... פינף גילדען נעהם איך אָנזאָג־געלד...

— אַ קלאָג צו מיר ניט! אַזאַ אוצר מיט געלד?... וואָס דען ט'איהר געוואלט? האָבען אַ ענדיק אויף פּסח פאַר צעהן גראָשען?...

האָט זיך אָנגעהויבען אַ דינגעניש, און אַ רעדעניש, און אַ בעטעניש. מלכה באָט צוויי גילדען, און דריי גילדען און אַ האַלב קערבעל — געציל שטעהט ביי דאָס זייניגע: פינף גילדען, ניט אַ גראָשען ווייניגער!... קוים מיט תחנונים אָבגע־דונגען פאַר פיער גילדען מיט צעהן גראָשען.

צוגענומען דאָס אָנזאָג־געלד, איז געציל אַוועק, און אין אַ פיערטעל שעה אַרום איז ער צוריק געקומען מיט'ן ענדיק.

דערזעהן דעם ענדיק, איז מלכה'ן פינסטער געוואָרען אין די אויגען.

האַלב פעדערען אויסגעקראָכען, דער עק אויסגעפליקט

דאַר, ווי אַ שפּאָן און בלוי, ווי אַ מילץ, דער קעפּעל — אַראָפּגעלאָזען, דער קראָפּ — בלייך און חיאַלע... זימעל־פּייפּט צו איהם — ווי די וואַנד...

— אַ קלאָג צו מיינע יאָהרען! וואָס'ט איהר געטהון מיט'ן ענדיק! ס'איז דאָך גאָר ניט דער זעלבינער ענדיק!...

נאָר געציל איז שוין געווען אויף יענער זייט טהיר.

— ווייסט, מלכה, וואָס כ'וועל דיר זאָגען — מאַכט זימעל — דאַרף גיכער די פּאַטשיילע און לויף צום שוחט. אז ניט קען ער נאָך אַ מאָל טאָג ניט דערלעבען, דער גרויסער געווינס דיינער...

מלכה האָט אַ חאַפּ געטהון די פּאַטשיילע אויפ'ן קאָפּ, דעם ענדיק אונטער'ן פּאַטשיילע, און איז אַוועקגעלאָפען צום שוחט.

די נאַכט איז געווען אַ וואָלקענדיגע, אין דרויסען איז געוועזען פינסטער. נור מלכה האָט ניט געקוקט דערויף און איילענדיג געבראָדזעט איבער די ערב־פּסח דיגע קאַלוזשעס, צוהערענדיג זיך אַלע ווייַלע, וואָס טהוט זיך אונטער'ן פּאַטשיילע.

עפּעס איז „ער" צו שטיל, עפּעס לאָזט „ער" אַראָב דעם קעפּעל... אפילו אַ גאַנץ שווערער, נאָר אַ מאָגערער...

אַרייַנגעלאָפען אין שעכט־שטיבעל, האָט זיך מלכה דורכגעריסען דורך די ווייבער, צוגעלאָפען גלייך צום שוחט און קוים אָבחאַפּענדיג דעם אָטהעם, געבעטען:

— זאָלט איהר געזונד זיין, ר' אָרע!... קוילעט מיר גיכער מיין עוף... כ'אַמל זיך — ס'פאַלט מיר פון די הענד...

און אַרויסהאַבענדיג דעם ענדיק פון אונטער'ן פּאַטשיילע, האָט זי איהם אַריינגעשפּאַרט דעם שוחט אין די הענד.

— וואָס זענט איהר עפּעס, יודענע! משוגע צי חסר דעה, רחמנה לצלן!? שפּאַרט מיר אַ נבלה אין האַנד!... ס'איז דאָך אַ געפּגר'טער עוף! איהר זעהט ניט צי וואָס?..

מלכה האָט פערבראָכען די הענד און געבליבען שטעהן אָהן לשון...

ווייבער אַרום האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ און גערוימעט:

— אַנ'אַקציע ניט פערלאָפען! בעי איהר אויף די הענד אויסגעגאַנגען... אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק!...



# אַ יִחוּס שִׁידוּךְ.

מִירָאן גְעראַסִימאָוויטש, דְער מִילִיאָנְעֶר און גְרויסְעֶר פַּאַכְּ־
רִיקאַנט, הָאט נִיט אֵיינמָאל גְעקלעהרט, אַז עֶר וואָלט גֶערְןֶ
אַוֶעקְגְעֶגֶעבֶּען אַ טהֵייל פון זַיינֶע מִילִיאָנֶען, עֶר זאָל זִין זוֹכֶה, קֶענְ־
נֶען בַּעֶרִיהמֶען זִיךְ מִיט אַ בִּיסֶעל יחוּס אָדֶער תּוֹרה.

מִירָאן געראַסִימאָוויטש׳ען הָאבֶּען דִי בֵּיידֶע זאַכֶען גְעפֶיהלט
און טאָמֶער הָאט עֶר יאָ גְעֶהאַט יחוּס הָאט עַר אויך דערְפון נִיט
גְעֶוואוּסט, ווַייל זִינט דִי „פַּאִימאַנִיקֶעס“ הָאבֶּען אִיהם צוּגְעכַאפּט
בעת עֶר אִיז פון חדר גְעֶגאַנגֶען, בִּיז אִיצט, אִיז אַרִיבֶּער הֶעכֶּער
פוּנפְצִיג יאָהר — אַ משך גְעֶנוּג פַאַר אִיהם צוּ פֶערגֶעסֶען פון
וואַנֶען עֶר שטאַמט און, צִי הָאט עֶר אפִילוּ ווען ס׳אִיז אַ טאַטֶע־
מאַמֶע גְעֶהאַט...

— גֶעלד אִיז קאָנִיעֶטשנאָ, אַ וואַזשנֶע זאַך, — אָבֶּער ראָד־
סטוואָ אִי טאַמוּ פאָדאָבנאָיֶע, האָט אויך אַ גְרויסֶע זנאַטשֶעניֶע.

נאָר כל זמן דִי קִינדֶער זֶענֶען קלֵיין גְעוועֶן, הָאט עֶר גְעֶ־
האָפט, אַז זֵייא וועלֶען „פּאָפּראַוועֶן דִי דִיעֶלאָ“... לאָזט זִיךְ אויס
אַ בוידֶעם! דִי זִיהן — אמת׳ע גוים: ווִילֶען גאָר נִישט קֶענֶען און
נִישט ווִיסֶען פון יודִישקֵייט.

— „נא קאָי טשאָרט נאַם עֶטאַ פִּיזִיקאַ?“ — פרעֶגֶען זֵייא,
און הִירזשֶען ווִי דִי פֶערד.

האָט עֶר זִיךְ פון דִי זִיהן טאַקִי מיאש גְעֶוועֶן, און דִי גאַנצֶע
האָפנוּנג אַרויפגְעֶלֶעגט אויף דִי טעֶכטעֶר.

טהוּן יחוּס שדוּכִים מִיט דִי טעֶכטעֶר — אִיז זַיין אֵיינצִיגֶע
האָפנוּנג גְעֶוועֶן: לאָמִיר האָטש קֶענֶען בַּעֶרִיהמֶען זִיךְ מִיט שֵׁיינֶע
מחותּנים.

און ווען חיים ליפשיץ, דער לאַנד־שדכן, איז צום ערשטען מאָהל געקימען זיין עלטערער מאַכטער רעדען אַ שידוך האָט איהם מיראָן גראַסימאָוויטש אָנגענומען ביים לאַץ און געזאָגט:

— אָט וואָס, פּריוואַטיעל, אויב איהר היט פאַר מיר אַ שידוך פערווי סאָרט — גיעט אַהער; טאָמער־זשע איז די סחורה אונטערגענעצט — איז עס ניט פאַר מיר. פּאָניאַלי?

— כ׳מיין, וואָס האַלט איהר מיך עפּעס פאַר אַ מלמד, צי פאַר איינעם פון די פערשלומפּערטע שדכנים׳לאַך, וואָס? — האָט זיך דער בעריהמטער שדכן בעליידיגט — קיין אַנדער סחורה, ווי מובחר מין המובחר, האָב איך אין מיין גבול נישט.

— מולערנע טשי ניע מולערע — דאָס פערשטעה איך ניט גלאַווניאַיע — ס׳זאָל זיין אַ בלאַהאָראָדנע סעמייסטווע. אָט וואָס!

— אַך, וואָס רעדט איהר עפּעס, גאָספּאָדין צירולקין! איך ווייס נישט, וואָס עס טויג פאַר אייך, וואָס? גאָט צו דאַנקען נישט דאָס ערשטע מאָהל, אַז איך האָב צו טהון מיט גבירים־אדירים, ווער האָט פּאָליאַקאָווס קינדער חתונה געמאַכט? ווער האָט ביים בראָן די שידוכים אויסגעפיהרט? כ׳מיין, אַז ע... ע־ע...

— פּאָסטאָי, באָסטאָי, נישט געאיילט זיך — האָט איהם מיראָן גערעסימאָוויטש איבערגעשלאָגען אין מיטען — פּאָליאַקאָוו איז ניט איך און איך בין ניט פּאָליאַקאָוו, פּאָליאַקאָוו דאַרף איין זאַך, און איך—אַ אַנדער זאַך.

— מי לאָמיר טאַקי הערען, וואָס אייך וואָלט געפּאַסט, וואָס?

— מיר? — אַ קלייניגקייט: אַ פערוויאָקלאַסנעם חתן פאַר מיין טאָכטער, וואָס אי ווסיאָ! הע, הע! פּאָטאָמו זי איז ביי מיר די ערשטע. מיט דער ערשטער אַ בלאַהאָראָדנעם שידוך טהון, וועט מען שוין נאָך די איבריגע לויפען, ווי דער פערד צום האָבער.., ניע טאַק לי?

— מיט אַ שעהנעם גביר, הייסט עס?

— וואָס מיר גביר? טשוראַק טשעלאָוויעק! ביי מיר אַ גביר — טפוי! אָט וואָס!... גביר בין איך אַליין. דער חתן זאָל נאָר זיין אוטשאָנע אין יודישע וויערא אָבער טאַקי אַזוי, פאָ נאַסטאָיאַשטשעמו!... און קאָנעטשנאָ, דער מהותן די מייחוס זאָלען זיין פּאָטשטענע מענשען, יחסנים,— אָט וואָס איך דאַרף!

— דאָס וועט אָבער קאָסטען אַ סך געֶלד! — זאָגט דער שדכ'ן מיט אַ געזאַנגעלע אַ סטראַשע געטהון.

— וואָס טאָלקועסט דו מיר געלד, טשודאַק? איך שפּיַ אויף געלד!.. איך זשאַלעווע ניט נאָך עטליכע יזע קערבּלאַך, אָבער גיעט עפּעס, ס'זאָל זיין וואָס צו ווייזען!

האָט זיך אָנגעהויבּען אַן עסק מיט שדוכים.

פאָרגעשלאָגען האָט דער לאַנד־שדכ'ן אַלערליי: מיט געפאַלענע גבירים, מיט שעהנע בעלי־בתּים, מיט רב'נישע זיהן, נאָר ס'האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט: מיראָן גראַסימאָוויטש האָט אומעדום געפונען אַ חסרון: דאָ איז דער מחותּן אַ שעהנער יוד, איז דער חתן „ניט אוטשאָנע אין יודישע וויעראָ“, דאָ איז דער חתן גוט, איז דער מחותּן אַ גראָבער יונג; מאַכט זיך שוין. אַז ביידע זענען פּאָדכאָדיאַשטשע דערוויסט זיך מיראָן גראַסימאָוויטש, אַז אין דער משפּחה איז פאַרהאַן אַ שוסטער אָדער אַ שניידער, און דאָס וויל ער ניט.

— פאַר מיין געלד, וויל איך בעז איזיאַנאַ! (אָהן אַ חסרון...)

און ער האָט אויסגעפיהרט.

אמת, ס'איז ניט גרינג אָנגעקומען, אָבער ס'איז ווערטה געוועהן די טרחה,

דער מחותּן, אַ שקלאָווער יוד, איז קיין גרויסער גביר ניט געוועהן, אָבער איינגעטונקט אין יחוס: אַליין אַ למדן און אַ שעהנער בעל־הבית, אַ שטיף־ברודער — אַ רב, שוואָגערס — דיינים, פעטערס — שוחטים, שוועסטער־קינדער — הגנים,

הכלל, וואו מען גיעט זיך אַ קעהר — כּסדר כּלי־קודש און סתם שעהנע יודען, אַ בעל־מלאכה — אין דער גאַנצער משפּחה אפילו אויף אַ רפואה ניטאָ, דער חתן אַליין — אַ וועלט־מענש, אַ סוחר און אַ „אוטשאָני אין יודישע וויערע“ ביז גאָר.

און וויל די מיידעל אויך.

וויל אָבער דער טאַטע זיינער מען זאָל איהם פּשוט מיט רענדליך אָבשיטען:

ס'טייטש, יענער וועט אַזאַ יחוס קויפען!

נור מיט געלד וועט מען מיראָן גראַסימאָוויטש'ן ניט אויסטראַשען: האָט ער אַרויפגעוואָרפען נאָך אַ פּאָר אלפים, און מען איז גאָט, צו דאַנקען, אויפגעפאָהרען זעהן זיך.

האט זיך די מחותנת'טע פערקאפריזעט: זי וועט פאר געלד דאס פנים ניט פערשווארצען. ס'איז דאך א חרפה פאר דער משפחה מיט אזא האם מחותנים ווערען!

— א יוד א גביר... — מאכט דער מחותן.

— א גראבע זאך, א חאמולע... — רעכענט אויס די מחותנת'טע — ט'איהר געזעהן א שיינער יוד זאל זיצען אהן א היטעל!...

— אז „זיי" ווייסען ניט אנדערש — גיעט איהר דער מאן איהרער צו פערשטעהן — אבער אויי זענען זיי גאנץ עהרליכע יודען.

— א עהרליכער יוד גיעט א יודענע די האנד ניט — טענה'ט די מחותנת'טע ווידער.

— אין דער וועלט פיהרט זיך אזוי — שמייכעלט אונטער דער היינט־וועלטיגער חתן.

— אין דער וועלט אפשר יא, אבער אין אונזער משפחה וויים מען גאט צו דאנקען, ניט פון קיין „זדראסטע", הלואי ווייטער!

— איי, מאמע, דו ווייסט ניט! — פערליערט דער חתן דעם געדולד — דו מיינסט, אלע זענען אזעלכע קליינשטעטעלדיגע, ווי איהר זייט? מען זאגט דאך דיר, ס'איז היינט אזא מאדע, און וואס אהרט דיך ווידער פאר איהם, וואס? איך וועל דאך התונה האבען מיט דער טאכטער, נישט מיט'ן טאטע'ן.

— און וואס איז די טאכטער, וואס? א פנים, פונקט ווי ביי א דארפישע שיקסע... ט'איהר געזעהן, א יודישע טאכטער זאל האבען אזעלכע באקען!...

— א חסרון: די כלה צו שעהן. וועלען קיין דאקטוירים ניט קאסטען.

— וועט זי פטר'ן געלד אויף צוקערקעס מיט „קאנקליעטען"...

— וואס האט איהר זיך דא צוטענה'ט, וואס? גענוג זאל זיין, א סוף! דער שידוך איז א גוטער שידוך — האט זיך צובייזערט דער מחותן.

בקיצור מען האט ביי דער מחותנת'טע אויך געפועל'ט און מען האט מיט מזל געשריבען תנאים.

צופּריערען אָבּער איז זי נישט געווען.

— „רוֹכעט" זיך מיט'ן חתן פאַר אַלעמען אין די אויגען, אַקוראַט ס'וואָלט שוין בּיי זיי געווען אַ יאָהר נאָך דער חתונה. ד'ער פנים פלאַמט דאָך פון איהר!...

—וואָס ווילסט דו פון איהר האָבּען? אַ יונגע ציגע — האָט דער מחותן געפּרובּט פערענטפערען זי.

— אַ יונגע ציגע? אַ יונגע חצופה איז זי! איך בּין אויך אַ יונגע מיידעל געווען, פונדעסטוועגען דאָבּ איך אַ גאַנצען חודש נאָך אונזער חתונה געשעהמט זיך קוקען דיר אין די אויגען אַריין... הערסט דו, אַז אָך־און־וועה אין וואָס פאַר אַ בּלאָטע מיר קריכען דאָ אַריין — האָט זי זיך ניט געקענט בּערוהיגען.

— נו, נו, פערפאַלען, האָט דער מחותן געזאָגט, זאָל נאָר זיין מיט מזל.

---

שבּת נחמו האָט מען געשפּיעלט די חתונה.

אַ חתונה איז געמאַכט געוואָרען — כיד המלך. דער חתן איז אַראָבּגעפאָהרען מיט דער גאַנצער גאָלדענער משפּחה. מיראָן געראַסימאָוויטש האָט קיין קרובים נישט געהאַט, ער האָט אָבּער געוואָלט, אַז אויף זיין ערשטע טאָכטער'ס חתונה זאָל מען אַ „גוליאַנע טהון", האָט ער איינגעלאַדען וועמען ער האָט נאָר געקענט. אפילו דעם פּריסטאַוו פון זיין אוטשאַסטאָק, מיט וועלכען ער איז געווען גרויסע „פּריאַטעלעס", אויך פערבּעטען.

די מחותנת'טע האָט עס אפילו ניט געוואָלט ליידען, דעם מחותן אַליין איז אויך געווען „פּריקרע" אַ גוי זאָל זיצען אויף אַ יודישע חתונה בּיים טיש, נאָר, גאָר נישט, די חתונה מאַכט ער, זאָל ער שוין טהון וואָס ער וויל.

בּיים סוף וועטשערע, ווען דער עולם איז שוין געווען רעכט אויפגערוימט, האָט זיך ניט אַ מאָל פון טיש אויפגעהויבּען דער פּריסטאַוו, אַ פּאַרשוין מיט אַ האַלבּ־פערשוואָלען פּנים, אויף וועל־כען די נאָז האָט אַ היבּשען חלק פערנומען, און פלאָנטערענדיג מיט'ן שיכור'ן צונג, האָט ער אָנגעהויבּען:

— גאָס־פּאָדאַ! מיינע דאַ־אַמען און... און העררען! פּאָז־וואָליעט מיר זאָגען אַ רעטש... פּאַר... פּאַר־פּאַר־פּאַר די יונגע

פאָר... ע־עך, גוט צו זײַן יונג!.. איכ'ל מעהר ניט זײַן... ניט זײַן יונג... ניעט!.. אוועק מײַן צײַט... איך טרינק... איך טרינק... טרינק פאַר דאָס געזונד... די יונגע כלה... מאַריאַ... מיראָנע... מאַניטשקאַ!.. אויף די הענר איהרר... געהאַלטען... ע־ע... און דעם חתן... ווי רופט מען?.. נאָכפאָרין... גאָכפאָרין נאַטאַנזאָהן?.. מאָאיסיי אַבראַמאָוויטש נאַטאַנזאָהן?.. נאַטאַנזאָהן... נאַטאַנזאָהן... באָזשע מאָי!.. מײַן פאַמיליע... איך בין נאַטאַנזאָן, נאַטאַנזאָן... קאַק־זשע, קאַק־זשע... עך!.. קײנער ווײס נישט... מײנען אַז איך־איך־ איך פון דײַטשען... ניעט, בראַט... איך אַלײן פון יעווריעאי.. וואָס דאָ צו שעמען... איין וויעראַ... איין גאָט... געדענק גוט... אַ קלײנינקער געווען... ניט אַ פריסטאַוו... אַ יונגעלע... שטענ־דעל שכלאָוו... רופט זיך ס'שטעדטעל... צוגעכאַפּט... ווי מיראָן גראַסימאָוויטש'ען... קאַנטאָניסטען... געשמיסען... אוה, געשמיסען!.. נעהם אָן פּראַוואָסלאַוויע... ראַוואַי... זאָל זײַן פּראַוואָסלאַוויע!.. פײַנד שמיץ... קאַק־זשע, כ'געדענק... אַ טאַטען נישט געהאַט נישט געהאַ־אַ־אַט — האָט ער זיך מיט אַ מאָל צעוויינט מיט שיכור'ע טרעהרען —. אַ מאַמע געהאַט... ציבוליע... ניין... ע־ע... ציביה... מענדעל — אַ ברודער... אַ בעלמע אויפ'ן אויג געהאַט... אויפ'ן לינקען אויג... קאַק־זשע געדענק... נישטאָ מאַמע... נישטאָ ברודער... או—הו—הו...

דער פריסטאַוו האָט זיך אַ זעץ געטהון אויפ'ן שטוהל, אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ אויפ'ן טיש, און גלײַך געניטען בראָפּען.

צום אָנהויב פון פריסטאַוו'ס רעדע האָט די מהותנת'טע גע־קוועטשט מיט די פינצעס און געוואונקען צום מחותן. שפּעטער אַ ווײַלע האָבען די געסט געלאַכט און די מחותנים מיט זיי, נאָר ווען ער האָט אָנגעהויבען דערצעהלען זײַן יחוס, האָבען די געסט אָנגעהויבען איבערקוקען זיך צווישען זיך, און מיראָן גראַסימאָ־וויטש האָט אײַנגעגראָבען זײַנע אויגען אין מחותן מיט'ן חתן, יע־נע זענען געזעסען טוידטע, ווי קאַלך און ניט געוואוסט, וואו אַהינצוטהון זיך פאַר חרפּה,

דער ערשטער איז צו זיך געקומען מיראָן גראַסימאָוויטש.

— זאָג נאָר מײַן קופּעץ — האָט ער זיך אַ קעהר געטהון

אַ בְּלאַסעֶר פִּין כעס צוּם מחוּתּן — זאָג נאָר, צִי אִיז אָפּטמאָל נִיט דעֶר פּיאַנִיצעֶ אוּן וויקרעסט (משומד) דײַן ברודעֶר. האַ ?... אברהם נאַטאַנאָהן פון שקלאָוו מִיט אַ בּעֶלמעֶ אויפ׳ן לִינקעֶן אויג... קאָנעֶטשנאָ — דאָס אִיז דאָס... האָסט נִיט געֶוואוּסט ?.. אַךְ דִי פּאָהאַנעֶ־פּאָראָדעֶ !... וואָס, אִיךְ וועֶל זִיךְ סראָדניעֶן (מתחתּן זײַן) מִיט אַ משוּמד ?! ניעֶט בּראַט ! אַלײן געֶסטראַדאַיעֶט פאַר מײַן חיעֶרא, נִיט געֶוואָרעֶן קײַן וויקרעֶסט, וועֶל אִיךְ מִיט קײַן וויקרעֶסט אִין ראָדסטוואָ נישט זײַן !... אַךְ אִיהר מאָשעֶנִיקעֶס, אָבמאַנשצִי־קעֶס !... קוּם מאָלבטעֶר אַ היים... ווײַן נישט גאָלוּבּוּשקאַ, מִיט וויקרעֶסטעֶן האָבּעֶן מִיר קײַן דיעֶלאָס נישט !... מִיר זאָגעֶן יוּדעֶן, צוואַנציג טויזעֶנד רוּבּל זאָל עֶס מיךְ קאָסטעֶן, פעֶרציג — עֶר חעֶט דיךְ פאַר אַ ווײַבּ נישט היבּעֶן, דעֶר פּאסקודנע פּאַראָדעֶ !...

און מִיראָן גראַסימאָוויטש האָט געֶהאַפּט דִי וויינעֶנדִיגעֶ בּלה פאַר׳ן האַנד, און אִיז אַרויסגעֶלאָפעֶן פון זאַל.



# „פּעפּעלע״.

אָדער

## פֿערשוואַרצט דאָס פּנים.

### אַ ראָמאַן מיט אַלע קליפּערלעך.

---

## ערשטעס קאַפּיטעל.

(וואָס, אויב איהר ווילט איז דאָס דער אַרײַנפֿאָחר אין ראָמאַן.
און אויב איהר ווילט — די רעכטע גערינכטע פֿון איהם).

---

זונפּאָחקע האָט זיך געוויינט.

ווײַבער האָבען אויפגעהערט קינדערשע קעפּלעך וואשען,
און נעזעלעך ווישען, און העמדלעך אין די הויזלעך פּריטשעקען,
און וואַרטעס קאָכען, און זאָקען שטריקען, און וואַרענעס פּרעגע-
לען, און די מאַנען שילטען, און דעם רב'ס טאָכטער אַלע ביינער
לעך איבערקלײַבען; שכנות האָבען אויפגעהערט אַרומצוריסען זיך
קרעמערקעס — איבער אַ קונה זיך צו שלאָגען, און אַלע האָבען
גיר געהאַלטען אין איין רעדען פֿון „פּעפּעלע״ דעם „בעל-הגוף'ס״,
און מאַקסיק דעם „אדעסער קראַסאַוויעץ״.

וואו מ'איז געגאַנגען, וואו מ'איז געשטאַנען, האָט מען מעהר
ניט געהערט, ווי „פּעפּעלע—מאַקסיק״, „מאַקסיק—פּעפּעלע״!
מײדליך זענען פֿון קנאה גרין געוואָרען, ברוגז'ע דבר'טעס

זענען שלום געוואָרען; אַפילו שוועסטער, אַלטע מיידען, האָבען זיך איינגעהערט אַרומצוריידען צווישען זיך, און האָבען נור גע־האַלטען אין איין רעדען פון דער „נייער ליעבע".

און זומפּאָווקער ווייבער און מיידלעך האָבען אַזוי לאַנג, און אַזוי פיעל, און אַזוי ברייט גע׳„טאַקסיק־פּעפּעלע״ט, ביז ס׳איז אַפילו די מאַנסליייט אין די אויערען אַריין.

און נח קאַנדיבע — אַ „פאַקטאָר" ביי פּריצים און די אַלמנה און אַ יוד, וואָס האָט ליעב צו הערען און דערצעהלען נייעס — האָט זיך דער ערשטער דערוואוסט דערפון פון זיין ווייב, האָט ער גענומען דאָס שטעקעלע אין האַנד און אַוועק צוטראָגען נס איבער דער שטאָדט.

שטעהען עטליכע יודען, תבואה־סוחרים, אַרום אַ פּויער׳ישע פורהעל אין מאַרק און שיטען איבער אַ ביסעל קאָרן פון איין האַנד אויף דער צווייטער, צי מען בעקוקט פלאַקס, צי מען דינגט זיך חענען שוואַמען, — געהט קאַנדיבע צו, רוקט זיך אַריין אין מי־טען און פרעגט:

— געהערט, יודען?

מיינט מען, גאָט ווייס וואָס פאַר אַ בשורה ער וועט דאָ אָנזאָגען: דער קלינצעווער פּריץ איז אין שטאָדט און פאַרקויפט זומען; צי עפּעס, חלילה, גזירות אויף יודען, שטעלט מען איים מויל און אויערען. און ער: —

— געהערט, וואָס טהוט זיך מיט׳ן בעל־הגופ׳ס טעכטערל?

— עפּעס אַן׳אומגליק, חלילה?

— ניין!

און אַז „ניין", הערט מען אויס די מעשה מיט דעם אויס־דרוק פון „סקריבלט מיר אין דער לינקער פּאה ניט"; נאָר אויס־הערענדיג, ציהט מען זיך פונדעסטוועגען ביי די בערד, מען שאָקעלט מיט די קעפּ און כע צמאָקעט מיט די ליפּען:

טצ־טצע! הייטיגע קינדער, הייטיגע קינדער! לייבע׳ס בת־יחידה מיט אַ שערערל אַ שאַרלאַטאַן, אַ האַלטדריגע! ס׳נאַ!..

און עס האָבען גערעדט דערפון יודען אין גאַס און אין באָד, קצבים אין די יאַטקעס און אַפילו בטלנים אין די קלויזען.

## צווייטעס קאַפּיטעל.

(פון וועלכען מיר זעהען, פאַרוואָס זומפּאָווקע האָט זיך אַזוי געוויינגט, און אין וועלכען מיר בעקענען זיך מיט דער „חעלדין" פון ראָמאַן).

יעדערער אין זומפּאָווקע און אין דער סביבה און אין גאַנצען אויעזד האָט געוואוסט, ווער לייבע בעל־הגוף איז. מאַמער ווילט איהר גובערניע — האָט מען איהם אין גובערניע אויך געקענט.

און בעוואוסט איז ער געוועזען ניט מיט זיין גרויסען יחוס, — דאָס האָט איהם להלוטין געפעהלט, — נאָר מיט די גרויסע עסקים זיינע.

אין זומפּאָווקע האָט ער געהאַט הייזער און קראָמען, אַ פאַראָווע מיהל אין שטאָדט, און אַ ווינדמיהל — אונטער דער שטאָדט; אין פופקעווע האָט ער געהאַלטען די אָזערע, און אין קליבאַנציין — דעם פּאָלוואַרק; קיין באָברויסק האָט ער „געטריבען" דעם דיליזשאַנס און אויף ליאַכאָוויטש — די פּאָסט; אין אוזדע — אַ גאַרבאַרניע און אין באַריסאָוו — אַ חלק אין אַ שוועבעלעך־פאַבריק... און רויהע פעל קויפט ער, און חזיר־האָר איז פאַר איהם אַ סחורה, און אייער און שוועמלעך איז זיין האַנד! אויף „וואַגאָנעס" — ער דער ערשטער סוחר. און דאַרפט איהר געלד אויף משכּנה, צי אויף אַ שטוב בויען, צו אויף אַ טאָכטער חתונה מאַכען — אַלץ ביי לייבע'ן.

בעל־הגוף האָט מען איהם גערופען נור הינטער די אויגען. אין די אויגען — „ר' לייב", „פאַניע גוטמאַן".

ציפּע־פּייגע'ן, דאָס ווייב זיינס — דאָס גלייכען: הינטער די אויגען — „בעל־הגוף'טע", אין די אויגען — „מאַדאַם", „פאַני גוטמאַן".

און דער בעל־הגוף מיט דער בעל־הגוף'טע האָבען געהאַט אַ טעכטערעל, איין־איינציג טעכטערעל — איין איינציג אויג אין קאָפּ.

געהייסען האָט דאָס טעכטערעל: פעסעלע, גאָר טאַטע-

טאַטע האָבען די פּערצוויגען אויף „פּעפּעלע״ — און אַזוי איז עס פערבליבען.

האָבען זיי ליעב געהאַט זייער פּעפּעלע׳ן, און געצאַצקעט זיך מיט איהר, און אָנגעקוואָלען פון איהר, און געשפּיגעלט זיך אין איהר, ווי מען קען זיך נור שפּיגלען אין אַ איינציג קינד, ווען אויפ׳ן האַרצען איז גוט און קיין זאַך פעהלט ניט.

אַ סך נעכט זענען זיי איבער איהר בעטעל געזעסען, אַ סך ביטערע טרעהרען פערגאָסען, ווען פּעפּעלע איז „ניט מיט אלעמען״ געווען. האָט פּעפּעלע מיט אַ גלאָז מילך ווייניגער דורכ׳ן טאָג איבערגעטרונקען, איז דאָס דער גרעסטער עגמת-נפש געווען; האָט זי מיט איהר ווייך-קינדיש הענדטעלע געפּאַטשט דער טאַטע׳ן אין די באַקען אָדער געצופּט דעם טאַטע׳ן פאַר די רויטע באָרד, — זענען זיי פּשוט צושמאָלצען געוואָרען פאַר נחת.

ניט ציפּע-פּייגע, וואָס איז געזונד געווען ווי אַ פעלדפּע-בעל, און קיילעכדיג ווי אַ פּאַס, און געהאַט אַ פּאָר הענד ווי די קלעצער, און אַ פּאָר באַקען ווי אַ פּאָר פערברוינטע פּאַמ-פּושקעס, און אַ דריי גאָרענדיגען גווידער, וואָס האָט זיך גע-טרייסעלט ווי „פּעטשאַ״: וואָס האָט געשלאָפען, ווען זי האָט ניט געגעסען, און געגעסען, ווען זי האָט ניט געשלאָפען, ניט ליבע, וואָס איז געווען ברייטער ווי לענגער, און געהאַט אַ בויך, איבער וועלכען ער האָט זיינע קורצע פיס ניט געזעהן. וואָס האָט זיך געקאַטשעט, ווי אַ ענטעל און געסאָפּעט ווי אַ גאַנז און געזעהן דעם עיקר נור אין שיסעל און אין דער „פּותיקאָ״, — האָבען זיך געקענט פאַרשטעלען אַ לעבען אָהן פּעפּעלען?

דער טאַטע וואָלט אָפּגעגעבען אַלע זיינע הייזער, און זיינע שפּייכלערס, און זיין פּאַראָווע מיהל, און זיין ווינד-מיהל, און זיין פּאָלוואַרק, און זיין גאַרבאַרניע, און זיין „גניעדען״ מיט׳ן „וואָראָנעס״, צוזאַמען מיט זיין איינען לעבען — פאַר פּעפּעלע׳ס מינדעסטען נעגעלע.

די מאַמע וואָלט אויסגעשענקט אַלע איהרע דיקע רינגען, און די פונטיגע בראַסלעטען, און די שווערע קייטען, און די דימענטענע אויערינגלעך, און די שעגע בראָשקעס, און די ציטער-שפּילקעס, און די האָר-שפּילקעס, און די הוט-שפּיל-

קיט — פאַר פּעפּעלע'ס אַ פרעהליך מינעלע, ווען פּעפּעלע איז קראַנק.

די אַכט=פּודיגע בעל=הגוף'טע פלעגט פלינק, ווי אַ יונג טײַדעלע, אַראָבשפּרונגען אין מיטען נאַכט פון בעט, ווען פּעפּעלע האָט זיך נור אונרוהיג איבערגעקערט אויפ'ן צווייטען זייטעל, אָדער אַ קרעכץ געטהון פון שלאָף.

דער פיערציג=עמערדיגער, געזעצטער בעל=הגוף פלעגט זיך, מעשה יונגעל, צולעגען אויף דער ערד, אַרויפזעצען פּעפּעלע'ן רייטענדיג אויף זיך און מיט אַ דין, קינדעריש קול'כעלע, — בעטען זיך ביי איהר:

— פּעפּעלע, דאָלרעלע, פּוידעלע מיינס! טלאַפּ דעם מאַטעלע מיט די טולאַטעלעך אין די בעטעלעך... צופּ איהם פאַר'ן בעלרעלע!...

און אַז פּעפּעלע האָט געטהון די טובה און געצופּט דעם מאַטען פאַר'ן „בעלרעלע", און געקלאַפּט מיט די קולאַקעלעך אין די „בעקעלעך", — האָט „מאַטעלע" פּשוט ניט געוואוסט וואָס צו טהון פון שמחה.

— אָט דאָס איז אַ בולאַנטשיקעל! אָט דאָס איז אַ קאַשטאַנטשיקעל! אַך, דו, פּיוואַרעקעל מיינס! אַ בריטאַן וואַקסט דאָס, ווי דו זעהסט מיך אַ יורען! אַ געזונד זאָל נור אין איהרע ביינדלעך אַריין!

און פּעפּעלע האָט זיך געקײַקעלט ווי אַ שרעטעלע איבער'ן שטוב און געטהון מיט מאַטע=מאַמע, וואָס איהר קליין קינדערשרעספּאָטיש הערצעלע האָט נעגלוסט.

בעל=הגוף איז געווען בעל=הבית איבער זיינע הייזער און קראָמען, און מיהלען, און שפּייכלערס; בעל=הגוף'טע איז געווען אַ יחסנ'טע אין באָד און אין יאַטקע, אין שוהל און אין מקוה; — אין שטוב, איז פּעפּערע געווען בעל=הבית'טע.

וואָס פּעפּעלע האָט געוואָלט — האָט געמוזט געשעהן.

ווען פּעפּעלע איז נאָך קיין צעהן יאָהר ניט אַלט געווען, איז שוין פאַר איהר פאַרטיג געווען בעטגעוואַנד, און פיינער האָלענדער לייוועגד איז אויך געלעגען אָנגעגרייט. האָט זיך געמאַלט קויפען אַ שענעם זייגער, צי אַ זילבערנעם פּאָרט=סיגאַר — האָט מען עס אויך ניט אַרויסגעלאָזען.

— „זאָל מען נור די מזל'דיגע שעה דערלעבען, וועט אַלץ צונויף קומען“.

דער עיקר איז: פּעפּעלע'ן „מאַכען פאַר אַ מענש“. היינטיגע צייטען איז דאָך עפּעס גאָר אַנדערש: אַמאָל איז קענען־גערייט געווען בלאָטע! אַנ'איינגענס, וואָס פאַר עסקים ער וואָלט נאָך געמאַכט, אַז ער קען ניט שרייבען, אָבער היינט איז גאָר אַנ'אַנדער פּאַסאָן. היינט דאַרף אפילו אַ מיידעל קענען אַ בריוועל אָנקאָטעווען, אַ אַנ'אַדרעסעל אָנשרייבען, טאָמער דאַרף מען דאָרט אַ רעצעפּט איף פראַנצויז איבערלייענען, — זאָל מען אויך ניט דאַרפען אָנקומען צו לייטען... און ראָמאַנען־שראָמאַנען און פּאַרטיִפּיאַנעס. און וויבאַלד אַז כע מרעבעוועט זיך, וועט זיין פּעפּע'לע זיין ניט ערגער פון לייטישע קינדער. יאָ, צי ניין, האַ?!

האָט מען טאַקי אַריינגענומען אין שטוב אַ לעהרער'ן אויף „רוס, טייטש, פראַנצויזיש און די איבריגע שמאָכטעלייען“. און מען האָט זיך גענומען מאַכען פּעפּעלע'ן פאַר אַ מענש.

האָבען זיך די לעהרער אַזוי אָפט געביטען, אַז זומפּאָוועקע האָט דעם חשבון פון זיי פערלאָרען, און פּעפּעלע'ן דאָט אויף זיי געריטען ניט ווענינער ווי אויף טאַטע־מאַמע, און געצאַפּט פון זיי בלוט מעהר ווי קענטשאַפּט, נאָר פונדעסטוועגען איז זי צו זעכצעהן יאָהר אַ „פאַלגע מענש“ געווען: גערעדט ריסיש — „האָבע מיט'ן איכפראַאווניק“, געשריבען אַדרעסען קיין אַמעריקע — „אַז ס'איז אַ מחיה צו קוקען“: געגאַנגען שפּאַצירען שטענדיג מיט'ן ביכעל אונטער'ן האַנד, געמאַכט חנ'דעלעך, געדרעהט מיט די באָקעלעך, אויסגעשטעלט דאָס יונגע ברוסטעל, געשיקט לופט־קושען און פערבראַכט מיט „סטערניקעס“ ניט ערגער פון לייטישע „באַרישניעס“.

טאַטע־מאַמע האָבען פּשוט אָנגעקוואָלען קוקענדיג, ווי פּעפּעלע איז, קיין עין הרע, „אַ פאַלגע מענש געוואָרען“, און האָבען שוין אָנגעהויבען קלערען וועגען אָנ'זען נחת פון איהר דערלעבען, אָבער איידער זיי האָבען דערלעבט אַ שטיקעל נחת, האָבען זיי אַ סך, גאָר אַ סך עגמת־נפש געהאַט פון איהר, ווי מיר וועלען זעהן אין ווייטערדיגען קאַפּיטעל.

# דריטעם קאַפּיטעל.

(וועלכעס בעקאַנט אונז מיט'ן „העלר“ פון ראָמאַן.

איהם, דעם „העלר“, הייסט עס, האָט אויך גאַנץ זומפּאָווקע געקענט.

ביז צעהן יאָהר — אַרומגעטראָגען זיך אַ באָרוועסער איבער די גאַסען; פון צעהן יאָהר אָן — געלערנט זיך ביי בעבטשקע דעם רופא שערען און גאָלען. דאָס הייסט, ניט אַזוי פיעל געשווירען קעפּ און געגאָלט בערד, ווי געלאָפען מיט דעם לעדיגען פלעשעל אין שענק אַריין, און מיט דעם פולען — פון שענק. דאַרף איהם פּאַסירען אַן'אומגליק, אַז ער פאַלט און צעברעכט דאָס פלעשעל, פון שענק לויפענדיג... האָט „מאָטקע ממזר“ גלייך פערשטאַנען, אז ס'איז גלייכער גאָר ניט ווייזען זיך דעם בעל־הבית פאַר די אויגען מיט לעדיגע הענד. איז ער אַוועק אין גרויסען בית־המדרש אַריין, אויפגעריסען די צדקה־פושקע און איז נעלם געוואָרען פון שטאָדט...

צוריק געקומען איז ער ערשט, ווען ער האָט בעדאַרפט שטעלען זיך צום פּריזיוו. און שוין ניט „מאָטקע ממזר“, נור: „מאַקס, דער אָדעסער קראַסאַוועץ.“

מאַקס — האָט ער אַליין געזאָגט, אַז מען רופט איהם; „אַ קראַסאַוועץ“ האָבען די מיידלעך בעשלאָסען פון דעם ערשטען בליק אויף איהם; און אַז ער קומט פון אָדעס האָבען די מאַנסביל געטרונגען:

— הערסטו, אַ גאַנצער מענש געוואָרען! אין אַדעס ווערען זיי לייט... וואָס דען, אין זומפּאָווקע וועט פון אַ בחור ווערען אַ מענש.

פון דאַמאָלס אָן האָט מען איהם אין די אויגען גערופען: מאַקס, מאַקסיק; הינטער די אויגען — „דער „אַדעסער קראַסאַוועץ“.

און אַ „קראַסאַוועץ“ איז ער טאַקי געווען:

אַ בחור, ווי אַ סאָסנע, מיט אַן'איבערגעצויגענער טאַליע, וואָס קען נור אויסגעאַרבייט ווערען דורך „קאָרבעטאָווע“ הויזען

פֿון אַדעסער פּאַסאָן, היינט זיין גאַנג! זיין שטעלען אַ פֿוס, זיין אונטערהעצקען זיך! פּשוט אַ טאַנץ, ניט אַ גאַנג! מען זעהט גלייך, אַז אַ מענש איז געוועזען אין אַדעס...

היינט אַ פּנים האָט ער געהאַט, וואָס נור אויף אַ גוט געמאָלטער שניידער שילד בעגעגענט מען אַזוינס! קאַלעבדיג, ווי די לבנה ווייס און רויט, ווי אַ צייטיג עפּעלע. אויף דער רעכטער באַק איין איינציגער פּעפּערעל און צוויי פּרעמדע, אָנגעקלעבטע. אויף דער לינקער באַק, האַרט ביי די נאָז — אַ שוואַרצער חן־פּינטעלע, וואָס פּלעגט צייטענווייז איבערגעהן אויפ׳ן שטערען, צווישען די ברעמען...

ווענטשעלעך שוואַרצע און פֿערדרעהט אַרויף, ווי די פּיאַווקעלעך; אויגען — פֿייער! האָט ער אַ קוק געטהון מיט זיינע שוואַרצע אויגען, איז אַקוראַט ער וואָלט געזאָגט: „היט זיך, הייסע וואַסער!“...

נאָר דאָס איז אַלץ גאָרניט געגען זיין פּערקעמען זיך!

מילא, האָהר האָט ער געהאַט, וואָס נור ביי פּריזירער בעגעגענט מען אַזוינס. נור האָהר איז ווייניג, מען דאַרף זיי קענען פּערקעמען! האָט ער זיי צוטיילט אין רעכטען מיטען מיט אַ ווייסען שרונט, וואָס „ביי אונז אין אָדעס“ רופט זיך עס „פּראָבאָר, אַ־לאַ־ענגליש־פּראָמענייד“ און וואָס ציהט זיך פֿון שטערען ביז׳ן סאַמען „פּאַטעלניצע“ פֿון הינטען. די האָהר פֿון דער רעכטער זייט שרונט זענען גלאַט פּערקעמט, אויסגעשמירט מיט פּאָמאַדע און ליגען ווי צוגעקלעבט צום קאָפּ: די האָהר פֿון דער לינקער זייט שרונט דאַרפֿען אויך זיין גלאַט פּערקעמט, אויסגעשמירט מיט פּאָמאַדע און אויך ליגען ווי צוגעקלעבט צום קאָפּ: נור דאָ פּלעגט דער אָדעסער קראַסאַוויץ צוגעבען אַ ביסעל איינענע פֿאַנטאַזיע: אַנשטאָט צו פּערקעמען זיי אַראָב, ווי די „ענגליש פּראָמענייד“ פֿאָדערט, — פּלעגט ער אויפשלאָגען די פּאַטעליע און פּערקעמען זי אַרויף, אויפ׳ן ראַנד פֿון דער לינקער אַדעסער שליאַפּע, וואָס ער פּלעגט טראָגען שטאַרק אָן אַ זייט, מיט דעם אמת׳ען אַדעסער „שיק“.

היינט זיין רעדען אויף דער פֿיינער אַדעסער האַלב־רוסישער שפּראַך, זיין טאַנצען, זיין זינגען „ביל יאַ מאַלטשיק“

זיין שפּילען אויפ'ן באַלאַלייקע, זיינע אַדרעסיר קאָמפּלימענטען.
— האָבען ניט ביי איין מיידעל דעם זיסען שלאָף געריבט. ..

---

# פיערטעס קאַפּיטעל.

(אין וועלכען עס ווערט בעשריבען, ווי אַזוי פּעפּעלע איז
געפאַנגען געוואָרען אין נעץ פון ליעבע).

דער אַדרעסער קראַסאַוועץ איז זומפּאָווקין געפעלען געוואָרען, זומפּאָווקע איז דעם אַדרעסער קראַסאַוועץ אויך געפעלען; האָט ער זיך מישב געווען: ער בלייבט גאָר אַ זומפּאָווקער, און אַדרעס זענען פאַרהאַן אַ סך „קראַסאַוויצעס" און אַ סך „שיקאַרנע" פּאַריקמאַכערסקעס; און זומפּאָווקע וועט ער זיין איין „קראַסאַוועץ" מיט דער איינציגער „שיקאַרנער" פּאַריקמאַכערסקע.

האָט ער געדונגען אין דער בּרייטער „פּריצישער" גאַס, אַקוראַט געגענאיבער לייבין בעל־הגוף'ס שטוב, אַ געוועלב מיט אַנ'אַלקירעל, אויסגעקלעבט דאָס געוועלב מיט רויטע „אָבי־מעס", אַריינגעשטעלט צוויי שטוהלען מיט פיס־בענקעלעך, צוויי שפּיגלען, מיט אַ וואַש־טישעל, אויפגעהאָנגען אַ גלעזערנעם שרענקעל; אָנגעשטעלט אויף די שפּיגלען פלעשלעך, פושקעלעך, בערשטעלעך, קעמעלען, שפּריצערלעך; אויסגעלעגט אין גלעזערנעם שרענקעל שטיקלעך זייף, פּושקעלעך האָר־פּאָמאַדע, אָבירעכין פאַר וואַנצען, פּודרע, אָרעקאָלאָן, „פּאַטשולי"; אויפגעהאָנגען פון ביידע זייטען טהיר, דרויסען, צוויי שילדען, אויף וועלכע צוויי פּריצים, וואָס האָבען אויסגעזעהן, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, זענען געזעסען און געלאָזען זיך גאָלען פון צוויי „קראַסאַוויצעס", ווי דער אַדרעסער קראַסאַוועץ אַליין. איבער'ן טהיר — נאָך אַ שילד: „אָדעססקאַיאַ פּאַריקמאַכערסקאַיאַ", מיט גאָלדענע אותיות אויף אַ שוואַרצען פאָן, און די „שיקאַרנע" פּאַריקמאַכערסקע איז פאַרטיג.

איינגעאָרדענט זיך, האָט דער אַדרעסער קראַסאַוועץ גענומען טיילען זיין צייט צווישען בערד גאָלען און הערצער בּריעבען

קומט דער פריהמאָרגען, אַזוי גערט דער אַדעסער קראַ־
סאַוועץ אַרויס פאַר'ן טהיר און שטעלט זיך אַוועק צווישען די
צוויי קראַסאַוויציס אויף די שילדען, און גאַנצען אַ רייגער, אַנ'־
איינגעוואַשענער. מיט זיין ווייסען „פּראָמענאַדע־שרונג״, מיט
זיינע שוואַרצע חן־פּינטעלעך, מיט די ווענטעלעך־פּיאַווקעלעך,
מיט די ברעמען, די אויסגעצויגענע און פּעבינע, מיט די געז־
מאָלטע בעקעלעך און גלאַנציגע אייגעלעך; און זיין זילבער־ווייַ־
סען און שניי־געפלעטען רעקעלע, און זיינע קעסטעלדיגע „קאָר־
סעטאָווע״ הויזען, שטענדיג מיט'ן פרישען קנייטש אויף זיי, און
די נעלע אַדעסער־אַמעריקאַנער שיך מיט די גרויסע קנעפּ,
און קלייבט נחת, אַ ביסעל פון גאָט'ס וועלטעל, און אַ סך —
פון זיך אַליין...

די פּריצישע גאַס איז אַ שטילע גאַס, אַ ריינע גאַס, מיט
צוויי ציילען קאַשטאַנען־בוימער און מיטען, וואָס רופען זיך:
„דער בולוואַר״; מיט אַ סך פּריוואַט־פּערדער און בלומען־גערטעג־
דלעך; די אַפּטייק איז אַרומגעצוימט מיט אַ גרין שטאַכעטעל,
הינטער וועלכען עס וואַקסען גרויסע, געלבע בלומען אויף הוי־
כע שטאַמען, און אויף אַ גרין־געפאַרבטען זייַלכעל איז אַרויפגע־
זעצט אַ גרויסע, גלעזערנע קויל, וואָס שפּיגעלט אין זיך אָב
אַלע פערבייגעהער מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף.
אויף דער פּריצישער גאַס איז די גימנאַזיע — און אויף איהר
וואָהנען דער אינספּעקטאָר, דער דירעקטאָר און אַ סך לעהרערס.
דער איספּראַווניק און דער מיראָווויַ סודיא וואָהנען אויך אויף
דער זעלביגער גאַס.

דער אַדעסער קראַסאַוועץ קען זיי שוין אַלעמען, און
אַלע קענען איהם.

געהט פערביי דער לעהרער אָטשיפּאָווסקי, גיט זיך דער
אַדעסער קראַסאַוועץ אַ נייג: „זייען דאָברי, פּאַנאָצקי!״, דעם
אינספּעקטאָר גליעבאָוו זאָגט ער: „זדראַסטויטע, באַרין!״; דעם
איספּראַווניק בוקט ער זיך אָהן ווייטער, און מיט זאַבאַרקא
דעם דעסיאַטניק וויטעט ער זיך פאַר'ן האַנד...

מיידלעך, וואָס געהען פערביי, בעגעגענט ער אויך ניט
אַלע גלייך:

אָט געהען דורך די דריי חבר'טעס ניעטערקעס. נאָך אין

עק גאַס לאָזען זיי אַראָב די אויגען, הויבען אָן שטופּען איינע די אַנדערע מיט די עלענבויגענס אין די זייטען, לאַכען אונטער שטיל און געהען דורך פערביי דעם קראַסאַוועץ, גלייך זיי זעהען איהם ניט...

אָבער דער אַדעסער קראַסאַוועץ בויגט זיך איין, קוקט זיי אַריין אין די אויגען פון אונטען אַרויף און זינגט אויס:

— אַ־אַ, זדראַסטיע, קראַסאַוויצעס!... איהר זעלאַיעט דאַזע ניט אַ קוק טהון אויף מיר?... ויאַזע אַ שטייכעל ושאַלעוועט איהר!...

די דריי נייטערקעס לאָזען אַרויס אַ טאָרעָרנעם בעדעלשען קוויטש און לאָזען זיך לויפען איבער'ן גאַס, שטיקענדיג זיך פון געלעכטער.

אָט שווימט דורך, ווי אַ פּאַווע, רבקה'לע די הוט־פּוצערין. דער אַדעסער קראַסאַוועץ גיט אַ הוסט, אַ בליק מיט די אויגען, בעווייזט די ווייסע צייהן און זאָגט איהר אָן:

— צודני פּאָגאָד!... זאַלקע דאַזע איהר זאָלט נאָר היינט געהן אַרבייטען...

רבקה'לע פערציהט די ליפּען, גיט אַ הויב דאָס שענע קעפּעל נאָך העכער און געהט פאַרביי — ניט איהר מיינט מען.

אפילו צו קלאַראַ'ן, דער קאַסירערין פון אַפּטייק, שמייכעלט ער זיס־עזות־דיג.

ס'פערשטעהט זיך, אַז ער האָט פּעפּעלע'ן אויך דורכגענומען מיט זיינע פּיילען־אויגען, ווען נור זי איז פאַרביי־געגאַנגען. איהר האָט זיך אויך שטאַרק געוואָלט גוט איינקוקען זיך אין דעם אַדעסער קראַסאַוועץ, פון וועלכען די גאַנצע שטאָדט מיידלעך הערען ניט אויף צו רעדען, נור זי איז דאָך ניט קיין נייטערקע, זי [illegible] זיך אָבשטעלען אין מיטען גאַס קוקען אויף איהם. האָט זי געפונען אַנ'אַנדער מיטעל: יעדען פריהמאָרגען, ווען דער אַדעסער קראַסאַוועץ איז געשטאַנען פאַר'ן טהיר, האָט זיך אויפ'ן פענסטער פון פּעפּעלע'ס שלאָף־צימער אויפגעהויבען אַ ווינקעלע פון דעם ווייס באַטיסטענעם פאָרהאַנגעל, און אַ פּאָר נייגיעריג־בלישצענדע אויגעלעך האָבען פון דאָרט אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט, ביז דער שרייבער פון אופראַוואַ אָדער אַ לעהרער פון גימנאַזיע פלעגט קומען גאָלען זיך, און דער אַדעסער קראַ-

סאַוועץ פלעגט אַריין אינוועניג.

איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען, פּעפּעלע האָט זיך נור וואָס אויפגעהאַפּט פון שלאָף, איז זי גלייך אַראָבגעשפּרונגען פון בעט א באָרוועסע און אין איין העמד, איז צוגעלאָפען צום פענסטער, אויפגעהויבען דאָס ווינקעלע פון פאָרהאַנגעל און דערזעהן דעם אַלטען קראָסאַוועץ, ווי ער שטעהט זיך אַזוי, ווי געוועהנליך, אָנגעשפּאַרט אין טהיר און דרעהט אַרום פינגער דאָס נייגאָלדענע זייגער-קייטעלע, בלאָנדזשענדיג מיט די אויגען איבער׳ן גאַס און איבער די פענסטער פון די געגענאיבערדיגע הייזער.

אין מיט אַמאָל האָבען זיך זיינע אויגען בעגעגענט מיט איהרע אויגען, וואָס האָבען אַרויסגעקוקט פון הינטער׳ן פאָרהאַנגעל, און אויף זיין פּנים האָט זיך צושפּרייט א ברייטער האָניג-שמייכעל...

אין דעם זעלבען מאָמענט איז דער ברעג פאָרהאַנגעל האַסטיג אַראָבגעפאַלען.

אָבער דורך דעם דורכזיכטיגען באַטיסטענעם פאָרהאַנגעל האָט פּעפּעלע געזעהן, ווי דער אַלטער קראָסאַוועץ שטעהט און שיקט איהר „לופט קושען".

ווי אַן׳אָבגעבריהטע איז זי אָבגעשפּרונגען פון פענסטער, צוגעדריקט בּיידע הענדעלעך צו דעם צאַפּעלדיגען הערצעל, אָנגעבויגען דאָס קעפּעל אָן א זייט, אַזוי ווי זי וואָלט זיך צוגעהערט, ווי עס קלאַפּט דאָרט אינוועניג. געשטאַנען אַ ווייל שטיל, שמייכלענדיג, נאָכהער מיט אַ מאָל זיך א ריס געטהון פון אָרט, א כאַפּ געטהון איין צאָפּ אין איין האַנד, דעם צווייטען צאָפּ אין דער צווייטער האַנד און אַזוי האַסטיג גענומען דרעהען זיך, אז דאָס דינע העמד האָט זיך אָנגעבלאָזען ווי א לופט-באַלאָן, און די נאַקעטע הענד האָבען אויסגעזעהן ווי פליגעלען...

— איינגעליעבט, איינגעליעבט! דער קראָסאַוועץ איינגעליעבט! — האָט פּעפּעלע געזונגען, דרעהענדיג זיך אויף איין אָרט.

מיט אַ מאָל אָבגעשטעלט זיך, אַרויסגעלאָזען די צעפּ פון די הענד, צוגעטראָגען די דינע פינגערלעך צו די פרישע ליפּעלעך, אויסגעבויגען זיך ווי א קעצעלע, אויסגעצויגען דאָס

קעפּעל פּאַראויס, און געשיקט צוריק צוויי לופט-קושען אין דער וויט, וואו איהר „העלד“ איז געשטאַנען:

— „אוי, אַ קראַסאַוושיק!“ — נאָכ'ן ערשטען קוש;

„אוי, אַ „דושקע“ — נאָכ'ן צווייטען קוש...

---

## פינפטעס קאַפּיטעל.

(אין וועלכען עס ווערט בעשריבען, ווי אַזוי אַן'אָרעסער העלד, שפּיעלט אַ ליעבע).

אַ גאַנצען טאָג איז פּעפּעלע אומגעגאַנגען, צוגעהערט זיך, וואָס עס טהוט זיך בייַ איהר דאָרט אינווענינג, אין איהר קליינעם, קלאַפּענדיגם הערצעל, געשמייכעלט שטיל צו זיך אַליין און פון צייט צו צייט שטיל געשעפּטשעט:

— „קראַסאַוושיק“, „דושקע!“

ניש-קשה, זי וועט איהם אָנלערנען! זי וועט איהם ווייזען, אַז זי איז ניט אַ נייטערעצקע אָדער די בלומען-פוצערקע...

איז זי אויף מאָרגען גאָר ניט צוגעגאַנגען צום פענסטער; דעם צווייטען טאָג האָט זיך איהר זעהר געוואָלט זעהן, אויב איהר „דושקע“ איז נאַך'ן טאָג ניט בלאַס געוואָרען בענקענדיג נאָך איהר, האָט זי זיך געשטעלט פון וויטען אויף אַ שטוהל און אויסגעקוקט איבער דאָס האַלבע פאָרהאַנגעל, אָבער שטעהענדיג אַזוי וויט, האָט זי מעהר ווי זיין שענעם פראָמענאַדען-שרונט ניט געקענט זעהן, זי האָט זיך אָבער איינגעהאַלטען און איז צום פענסטער ניט צוגעגאַנגען.

ניש-קשה, זי וועט איהם אָנמוטשען,

אָבער אויפ'ן דריטען טאָג, נאָר וואָס די אויגען געעפינט, איז זי אַראָבגעשפּרונגען פון בעט אַ האַלב-נאַקעטע, צוגעלאָפען צום פענסטער, געשטעלט זיך אויף די קניע, אויפגעהויבען פון אונטען דאָס סאַמע ווינקעלע פון פאָרהאַנגעל און דערזעהן דעם אַדעסער קראַסאַוועץ שטעהענדיג אויפ'ן זעלבינען אָרט און אין דער זעלבער פּאָזע, ווי זי האָט איהם איבערגעלאָזען אַ נעכטען.

און איידער זי האט נאך צייט געהאט רעכט איינקוקען זיך אין איהם, האט ער שוין בעמערקט, אז דאס פארהאנגעל אויף פעפעלע'ס פענסטער איז אויפגעהויבען. אויף זיין ליאלקע=פנים האט זיך צעגאסען א האניג=שמייכעל, און טאקי גלייך האט ער געשיקט פעפעלע'ן צוויי לופט=קושען.

דערביי האט ער זיך פערניינט אזוי שען, אז גרעבענטשיק דער הארקאווער, וואס האלט דעם טאנץ=קלאס, האט איהם געמעגט מקנא זיין.

פעפעלע איז אויפגעשפרונגען, א ציה געטהון מיט'ן קעפעל, א לאך געטהון זיך אין בוזעם אריין: „חי!" און מיט איהר קליין פינגער־על צום פענסטער צו א סטראשע געטהון: „נו, נו, נו!"...

געשטאנען א ווײלע אין מיטען צימער שטיל פערטראכט, דאס קעפעל צום רעכטען אקסעל אנגעבויגען און די הענד שוואך אראבגעהאנגען, — האט זיך פעפעלע מיט אמאל אויסגעגלייכט, הילכיג א פייף געטהון, אויפגעהויבען די הענד און א פאטש געטהון מיט זיי, ווי מיט צוויי פליגעלען, און אוועקגעלאפען געטהון זיך.

זי וועט איהם חיזען, אז זי בעשטעהט אום איהם ניט...

האסטיג אנגעטהון און אבגעוואשען זיך, איז זי זינגענדיג צוגעגאנגען צום פענסטער און, כלומר'שט זי ווייס פון קיין זאך ניט, ברייט פונאנדערגעעפענט עס און געבליבען שטעהן מיט ביידע הענד אויף די קייטלעך פון פענסטער, אין גאנצען בעגאסען מיט דער זומערדיגער פריהמארגען=ליכט.

דערזעהן זי, האט דער אדעסער קראסאוויץ מאדנע קונציג אויסגעבויגען זיך, און צולעגענדיג די רעכטע האנד צום הארצען, האט ער מיט דער לינקער גענומען פאכען אין דער לופט, שאקלענדיג אין טאקט מיט'ן קאפ, וואס אויף אדעסער ליעבע=שפראך האט עס געזאלט הייסען: „איך געה אוים נאך דיר, טייבעלע מיינס!"...

פעפעלע האט איהם געוויזען דאס שפיץ צינגעל: „נא!" און איז אוועקגעלאפען פון פענסטער.

דאס איז אלין געווען א ליעבעס=ערקלערונג אויף שטום=לשון. שפעטער, ווען פעפעלע איז ארויס פון שטוב, איז צווישען איהר

מיט'ן אַדעסער קראַסאַוועץ פאָרגעקומען דער ערשטער שמועס:

— באָן זשור! זדראַסטיע, באַרישניאַ. —

אַזוי האָט דער „העלד" בעגעגענט די „העלדין", ווי נאָר זי האָט זיך בעוויזען אין טהיר.

טאַלט זיך פיפעלע ניט הערענדיג און ניט זעהענדיג, און געהט זיך ווייטער מיט איהרע קליינע, דראָבנע טריטעלעך.

אָבער דער אַדעסער קראַסאַוועץ „סמושטשאַיעט" זיך ניט פון דעם, וואָס מען ענטפערט איהם ניט, ער ווייס, אַז מיידלעך זעגען „ניערעאַוונאָדושנע" צו איהם, נאָר זיי „סטיעסניאַיען" זיך אַרויסצווייזען עס. שרייט ער איהר נאָך:

— זדראַסטיע! זייט ניט אַזוי זאַסטענציווע, באַרישניע! אַך, וואָס קראַסנייעט איהר אַזוי?

קעהרט פעפעלע אָב דאָס קעפעל עטוואָס אין זיין זייט און ציהט אויס.

— נאַ—לאַל! גרו—בי—יאַן!

און הויבט בכיון אָן געהן פאַוואָלינקע:

„מיין ניט, הייסט עס, אַז איך אַנטלויף פון דיר".

דערהערט אַ וואָרט פון איהר, איז דער אַדעסער קראַסאַוועץ גאָר צושמאָלצען געוואָרען פון נחת.

— אַך, צטאָ ווי, צטאָ ווי, באַרישניע! קאַק מאָגנע!... גלאַט אַזוי אָסקאָרבליאַיענען אַ קאַוואַליער!...

גיט זיך פעפעלע אַ דרעה אום צו איהם, אַ טופ מיט'ן פיסעל, און קוים איינהאַלטענדיג אַ שמייכעל אויף די ליפען, צובייזערט זי זיך, כלומר'שט, שטאַרק אין כעס:

— ווי סמייעט איהר זאַטראַגעוועוען אַ באַרישניע? נאַלאַל!

און גיך, גיך אַוועק מיט די דראָבנע טריטעלעך.

—אַך, צטאָ ווי, מאַדמאַזעל! — האָט איהר דער אַדעסער קראַסאַוועץ נאָכגעשריען,—וואָס רעדט איהר! נאַאָבאָראָט: מיר אָוואַזאַיענען ראַזנע אָצען אי אָצען אַזאַ זאַמיעצאַטעלנע באַרישניע, ווי איהר זענט... צטאָ ווי, צטאָ ווי!...

און בשעת מעשה אויסגעדרעהט זיך, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געקליבען טאַנצען אַ וואַלס.

פעפעלע איז ווייטער געלאָפען: טופ, טופ, טופ מיט די הויכע קנאַפעל איבער דעם הילצערנעם טראָטואַר. נאָר אויפ'ן

ריזֶע גאַס האָט זי זיך אָבגעֶשטעֶלט, האַסטיג אומגעֶדרעֶהט זיך צו איהם, פעֶרקנייטשט דאָס נעֶזעֶל, אַ צייה געֶטהון מיט די ליפּעֶן, וואָס אַלעֶס צוזאַמעֶן האָט עֶס געֶזאָלט הייסעֶן: „אִי דו „נאַכאַלטשיק“, אִי, דו, „דושקעֶ!“ און איז פעֶרשוואונדעֶן הינטעֶר'ן ווינקעֶל.

דעֶר אַדעֶסעֶר קראַסאַוועֶץ איז פשוט אונטעֶרגעֶשפּרונגעֶן אין דעֶר לופטעֶן:

— אַך, אַ באַרישניעֶ; אַך, אַ באַרישניעֶ! אַ נאַסטאָיאַשטשעֶר בוטאָנציק, צוועֶטאָטשניעֶ סלאָווא!... מעֶן מוז זיך אָביאַזאַטעֶלנעֶ פאָזנאַקאָמעֶנעֶן מיט איהר פאָבליזשעֶ...

און דעֶר אַדעֶסעֶר קראַסאַוועֶץ האָט פיינד געֶהאַט אָבצולייגעֶן. האָט ער נאָך דעֶם זעֶלבעֶן אָבענד אָבגעֶהיט פּעֶפּעֶלעֶ'ן „הינטעֶר'ן וואַל“ אויפ'ן שפּאַציר, איז גלייך צוגעֶגאַנגעֶן צו איהר, מעשה אַלטעֶר בעֶקאַנטעֶר, אַ צייה געֶטהון די פיינעֶ „פּעֶרמאָוועֶשליאַפּעֶ מיט'ן סאַמעֶ אַדעֶסעֶר „שיק“ און בעֶווייזעֶנדיג די פיינעֶ, ווייסעֶ ציינער, האָט ער מיט אַ מאָרנעֶר זיסקייט אויסגעֶצויגעֶן.

— זדראַאַסטיעֶ, באַרישניא! קאַק פּאָזשיוואַיעֶטעֶ? ווי געֶהט עֶס, וואָס מאַכסטעֶ?...

קעֶהרט, מן הסתם, פּעֶפּעֶלעֶ אָב דאָס קעֶפּעֶל אָן אַ זייט, פּעֶרשנירעֶוועֶט די ליפּעֶלעֶך און שווייגט.

פעֶרלויפט דעֶר אַדעֶסעֶר קראַסאַוועֶץ אַ ביסעֶל פאָראויס, קוקט אַריין אונטעֶר'ן היטעֶלעֶ און מאַכט:

— איהר ווילט מיר דאַזעֶ ניט אָטוועֶצאַיעֶן אויף מיין „זדראַסטיעֶ“.

— מיט ניעֶזנאַקאָמעֶ קאַוואַליעֶרעֶן רעֶד איך ניט — האָט פּעֶפּעֶלעֶ אַרויסגעֶקוועֶטשט פון צווישעֶן די ציינדעלעֶך.

און קוקט אפילו אין זיין זייט ניט.

— פּאַזשאַלסטיעֶ, מאַדמאַזעֶל! צטאָ זנאַציט ניעֶזנאַקאָמעֶ? מיר זעֶנעֶן דאַזשעֶ זעֶהר זנאַקאָמיעֶ... איך וויים דאָזעֶ, ווי מעֶן רופט אייך — „פּעֶפּעֶלעֶ“...

ווערט פּעֶפּעֶלעֶ רויט, פּנים, האַלז און אויעֶרעֶן און רופט זיך אָב:

— וואָס פאַר אַ פאַמיליאַרנאָסט? סקיזיטעֶ פּאָזשאַלויסטאַ! און טאַקי גלייך, בייטעֶנדיג דעֶם בייזעֶן טאָן אויף אַ קאָ-

קעטישען, צוגעגעבען:

— גאָר ניט פּע-פּע-לע, פּאָליע, פּאַאולינאַ, הייס איך... פּאַר „פּאַפּאַ" און „מאַמאַ" בין איך „פּעפּעלע", אָבער ניט פּאַר פרעמדע קאַוואַליערען...

— אַך, פּע... פּאַאולינאַ! איהר רעדט, איזווינים׳ע, גאָר ווי אַ פּראָווינציאַלנע באַרישניע!.. ביי אונז אין אדעס וואָלט זיך אַ פרייליין דאָזע סטעסניאַיעט אַזוי צו וויראַזאַיען... צטאָ זנאַציט — פרעמדע? איך בין צו אייך מעהר פּריוויאַזאַנע ווי אייער פּאַ-פּאַ און מאַ-מאַ!...

— וואָ-אָט קאַ-אַק?! — האָט פּעפּעלע אויסגעצויגען, אויפלעגענדיג די ליפּעלעך און אַ טרעפּעלע און קוקענדיג אויף'ן קראַסאַוועץ מיט בלישצענדיגע אויגעלעך.

— קאָנעצנאָ! וואָס פערשטעהט די סטאַרע פּאָקאָלעניע אין ניעזנע צוווסטוועס?... אַוושאַק ספּעציאַלנאָסט איטעיעט סוואָי פרעדטוווסטוויע! — יעדערער האָט זיך זיין ספּעציאַלנאָסט! — ווי מען זאָגט ביי אונז אין אַדעס...

פּעפּעלע האָט אַ וואָרף געטהון מיט די אויגעלעך רעכטס און לינקס, זעהן, צו קוקט אויף זיי קיינער ניט, און קאָקעטיש אַ סטראַשע געטהון איהם מיט'ן פינגערל:

— אַך, ווי!...

— נו, קאָנעצנאָ! אַך, איהר קראַסעניעט ווייטער! דאָס געהט אַזוי צו אייער נעזנעם צוועט ליצאַ!...

פּעפּעלע הערט, און דאָס הערצעל צאַפּעלט אַזוי, אַז זי קאָן קוים אויסרעדען איין וואָרט:

— אָסטאַווטיע!...

— צעסטנאָיע סלאָוואָ! בעז קאָמפּלימענטאָוו...

פּעפּעלע האָט געשמייכעלט, ווייזענדיג צוויי ציילען קליינע ציינדעלעך, און געפּאָלט מיט'ן הענדטעל: „געהט שוין, געהט שוין!"

דער אדעסער קראַסאַוועץ האָט זיך אָנגעבויגען און אַ חאַפּ געטוהן איהר קליין הענדטעל אין זיין האַנד. פּעפּעלע האָט מיט צושראָקענע אויגען אָנגעהויבען אַרומקוקען זיך אין אַלע זייטען און געשטאַמעלט:

— אָסטאַווטיע, לאָזט, מען געהט!... קאַק ווי סמייעטיע?

אַרויסגעריסען דאָס הענדטעל און אַנטלאָפען.

אויף מאָרגען פריה, פעפעלע האָט נאָר וואָס געעפענט דאָס פענ־
סטער אַזוי איז אין איהר צימער אַריינגעפאַלען אַ שטיינדעלע פערוויק־
קעלט אין אַ שטיקעל פאַפיער, אויף וועלכען דער אַדרעסער קראַסאַ־
וועץ האָט זיך צוגעזאָגט אין זיינע „צווישטווינס" איבערשוואָרען פעפעלען,
זי זאָל היינט אין אָבענד אַרויס צו איהם „הינטערען וואַל", אַז
ניט—קאָן זי זיך גאָר ניט „פאָרשטעלען" וואָס ער וועט טהון.

פעפעלע איז אַ פערצווייפעלטע געוואָרען:

טאָמער נעמט ער אַ גאָל־מעסער, און, וועט זי זיך דאָס
קיינמאָל ניט „פראָשטשאַיען".

און ווי נאָר ס'איז פינסטער געוואָרען, אַזוי איז זי אַוועק־
געלאָפען „הינטערען וואַל".

— אַך, פּאַוולינאַ, פעפעלע, נאַראָנען זענט איהר געקומען!

מיט די דאָזיגע ווערטער, אַרויסגערעדט מיט אַ ציטערדיגער
שטימע, — האָט דער אַדרעסער קראַסאַוועץ בעגעגענט פעפעלען
און אָנגעכאַפּט זי פאַר ביידע הענד.

פעפעלע איז געשטאַנען די אויגען אַראָבגעלאָזען צו דער
ערד, דאָס הערצעל האָט העפטיג געקלאַפּט, דאָס יונגע ברוסט־
טעל האָט זיך אונרוהיג בעוועגט, די בעקלעך האָבען געפלאַמט,
און די יונגע שטימע האָט געציטערט, ווען זי האָט געזאָגט:

— אַך, גאַדקי מאַלטשיק, ווי איהר האָט מיך איבערגע־
שראָקען!... איך האָב מורא געהאַט מיט אייך זאָל זיך ניט
טרעפען אַ ניעשצאַסטיע...

— עס זאַווּיסעט אָן אייך... קומט, איך מוז אייך אָב־
יאַסנאַיענען... פּאָזאַלוסטע אויף איין מינוט אָט אַהער, וואו
קיינער וועט אונז ניט מעשאַיענען... אַך, סטעסנאַיעט זיך ניט,
פּאָזאַלוסטאַ,...

און אַ נעהם טהוענדיג פעפעלע'ן אונטער'ן האַנד איז ער
מיט איהר פערשוואונדען אין דער נעדיכטער בערעזאָווער אַלעע.

ווען זיי האָבען זיך שפעט אין דער נאַכט צושייערט, האָט
ער זי גערופען „פעפעלע", און זי איהם — „מאַקסיק".

פון דאַמאָלס אָן האָבען זיך אָנגעהויבען צווישען זיי אין
דערפריה לופט־קושען, ביטאָג קוויטעלעך, בריוועלעך, שיקעניש,
ביינאַכט שפּאַצירענעס „הינטער'ן וואַל", אַרום מאָנאַסטיר, ביים

בית-עולם, און אַלע הינטער-געסלעך, ביז גאַנץ זומפּאָווקע איז געווען אויף מיט זיי.

נור דער בעל-הגוף מיט דער בעל-הגופ'טע האָבען ניט געוואוסט, אַז די גאַנצע שטאָדט קאָכט מיט זייער טאָלטער.

נור דאָס איז דאָך שוין שטענדיג אַזוי: דער, וואָס דאַרף וויסען דער ערשטער, דערוויסט זיך דער לעצטער.

אָבער, פריהער אָדער שפּעטער — דערוואוסט האָבען זיי זיך, ווי מיר וועלען זעהען אין קומענדיגען קאַפּיטעל.

---

## זעקסטעס קאַפּיטעל.

(אין וועלכען מיר זעהען ווי דער אמת שווימט אַרויף, ווי בוימעל אויפ'ן וואַסער.)

אַ מאָדנע צו להכעיס-ניצע איז דאָס שטיקעל לעבען אונזערס. אָט דוקא, ווען איינער קלייבט זיך ערשט רעכט נחת צו האָבען, רוקט זיך עם אונטער מיט אַ צרה, אַנ'אומגליק, אַנ'-עגמת-נפש'ל.

אַזוי איז אויך געווען מיט'ן בעל-הגוף און דער בעל-הגופ'טע.

געהאָרעוועט פּעפּעלע'ן, געמוטשעט זיך מיט איהר, נעכט ניט געשלאָפען, געציטערט, געפּלאַטערט איבער איהר, קוים דערלעבט אויף די פיס אַוועקצושטעלען זי, מאַכען זי פאַר אַ מענש, „לייטען-גלייך", שדכנים שלאָגען די טהירען אָב, און מיט אַ מאָל — נאַ דיר!

אַנ'אומגליק וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט חלום'ן אפילו! אַרויס-געקומען איז עס אויף אַזאַ אופן:

זנוויל באָרד איז געקומען און איינגערוימט, אַז מאיר בעדעזינער פון בערעזין, וויל האָבען פּעפּעלע'ן פאַר אַ שנור. ער מיט'ן זוהן זענען היינט דאָ „מכח וואלד", וואָלטען זיי געוואָלט „אָנקוקען", וואָרום מאָרגען פאָהרען זיי אוועק.

האָט עס דעם בעל-הגוף גלייך אַ נעהם געטהון:

— אָט דאָס איז דער סאָרט יור, וואָס איך האָב ליעב —

יהאָט ער געזאָגט נאָכדעם ווי זגוויל האָט זיך אָנגעטרונקען
מיט טהע און איז אַוועקגעגאַנגען. — אַ נאַש בראָט, אַ פראָס־
טער חי וקים, בלאָזט פון זיך ניט, ווי די אַלע שמעלקעס בוימ־
אייל־גיסער, און מאַכן אַ יוד מיט אַ פּותיקאָ!

די בעל־הגופ׳טע האָט אויך גאָרניט געהאַט געגען שידוך,
ניט מעהר זי האָט מורא געהאַט דער חתן איז ניט גאָר קיין פּאָר
פּאָר פּעפּעלע׳ן:

— פּעפּעלע איז אַזאַ עדעל קינד. און ער, קיין עין־הרע —
אַ דעטב!.

האָט זי דער בעל־הגוף געטרייסט:

— דערפאַר זאָלסט דו קיין מורא ניט האָבען. אונזער
פּעפּקע איז פון גיטען טייג געקנאָטען. דו קוק ניט וואָס זי איז
איצט אַזאַ שצופּלינקע. זי וועט זיין, מיט דער צייט, ווי דו:
אָט אַזאַ־אָ.

און ער האָט צושפּרייט די הענד פון בײדע זייטען, צו ווייַ־
זען ווי זי וועט זיין.

— נו, נו, ט׳שוין אָנגעהויבען, האָט ער שוין... גרויס
איהם אין די אויגען — בורטשעט אונטער די בעל־הגופ׳טע, ייעל־
כע האָט פיינד, מען זאָל רעדען וועגען איהר זינדיגען גוף.

— נו, וואָס איז? — פערענטפערט זיך דער בעל־הגוף —
ביי מיר, גוטער ברודער, איז עס קיין חסרון ניט... וואָס רעדן
זיי די היינטיגע מאַראַמען? אויף היהנערשע פיסלעך?... אַ בלאַזי
— פליהט עס אַוועק... ביי מיר האָב איך ליעב: יערע זאַך זאָל
זיין מיט אַ פונדאַמענט! יאָ צו ניין, האַ?!

— גענוג זאָל שוין זיין, נו! פונדאַמענט, סמונדאַמענט!.

— ע, ביזט דאָך גאָר געוואָרען אַ שעמעהדיגע יורענע!...
מיד־וויַיז ניט געוועזען אַזוי — ווינקט ער צו מיט׳ן אויגעל — אי,
ביזט דו געוועזען אַמויד אַ כוואַט! געדענקסט ווי דו פלעגסט כמאַל־
יען מיט׳ן גרויסען האַמער ביים טאַטען אין קוזניע? אַ מחיה געווען
צו קוקען. ווי דו זעהסט מיך אַ יודען! יאָ צו ניין, האַ?!

און פון גרויס ליעבשאַפט ניעט ער איהר אַ פּאַטש איבער׳ן
פּלייצע.

די בעל־הגופטע, וואָס איז ניט אַזאַ „רעמאָקראַטקע“, ווי דער
בעל־הגוף, האָט מאָרנע פיינד, אַז מען דערמאָהנט איהר זאַכען

וועלכע זי וויל אַליין ניט געדענקען.

— האָסט ניט וואָס צו שלעפּען מיין טאַטע'ן פון קבר — מאַכט זי שוין רעכט ברוגז פאַר'ן קאָמפּלימענט — ער ליגט זאָל ער ליגען... געווען, כ'לעבען, אַזאַ ערליכער יוד, ווי אליה גאַרושאָל... ניט מעהר, איינער האָט געקענט פּראַצעווען, און דער צווייטער — דאַרף איך דאָך דיר ניט זאָגען וואָס — ער איז דיין טאַטע געווען...

דער בעל־הגוף שעמט זיך ניט מיט זיין יחוס, נאָר ער האַלט, אַז אַ ווייב דאַרף קיין לאַנגען צונג ניט האָבען, און ער וואָרענט זי:

— פּאַוואָליע, ווי דו קירעוועסט מיין טאַטען, דו הערסט! און גיעט באַלד צו ווייך:

— דו מיינסט כ'האָב עפּעס צו דיין טאַטען? אַדרבא, כ'האָב איהם אמת האָלט געהאַט; אַ יאָדרעוואַטער יורעל געווען.

— אָבער טשעפּע זיך אָב פון מיין טאַטע'ן!

— בהמה! איך זאָג דיר, ווען איך פערליער טויזענד רובל פון דער קעשענע אַרויס, וואָלט מיר אַזוי ניט פערדראָסען ווי דאָס, וואָס ער איז געשטאָרבען, ווען מיר האָבען נאָך אַ קרחת געהאַט... ווי דו זעהסט מיך אַ יורען!... ווען ער לעבט איצט, וואָלטען דאָך איהם די ביינער אָבגענאַנגען.

גיעט די בעל־הגופ'טע אַ מאַך מיט'ן האַנד, „נישטאָ, הייסט עס, מיט וועמען צו רעדען", קעהרט זיך אום מיט'ן רוקען צו איהם, און בלייבט זיצען אַנ'אָנגעבלאָזענע. גיעט דער בעל־הגוף אַ זאָג „בהמה", און נעמט סאָפּען מיט דער נאָז. אַ סימן, אַז ער איז אונצופריערען.

און אָט ווען זיי זענען ביידע אַזוי געזעסען אָנגעבלאָזענע, בעוואַיזט זיך פון איהר צימער פּעפּעלע אין וושאַקעטעל און היטעלע, גרייט אַרויסצוגעהן אויף אַ שפּאַציער „הינטערען וואַל", וואו זי דאַרף זיך טרעפען מיט מאַקסיק'ן.

דערזעהן טאַטע־מאַמע אָנגעבלאָזענע, גיעט זי פערביינגעהענדיג אַ פרעג אויף איהר איינענעם שטייגער:

— וואָס זיצט איהר עפּעס אַזוי „אָנגעדרודעלט"?

— אָט, דער שעני'ר טאַטע דיינער. — מאַכט ציפּע־פייגע,

אָנוויַיזעגדיג מיט'ן קאָפּ אויפ'ן מאַן.

— קענסט ניט די משוגע'נע מאַמע דײַנע? — חירוש'ט זיך דער בעל-הגוף.

פּערדרעהט פּעפּעלע דאָס נעזעל, פּערקרימט די ליפּעלעך און גיעט אַ זאָג אין דער וועלט אַרײַן!

— אוי, די "ניעאָבראַזאָוועטע" מענשען!

— אָט הער איהם, וואָס ער רעדט! — פּערענטפערט זיך די מאַמע.

פּעפּעלע גיעט אַ מאַך מיט'ן האַנד! — "בײַיוע גוט", הײַסט עס, — און וויל אַרויסגעהן. נאָר דער טאַטע שטעלט זי אָב, האַלב-פּערגעגנדיג, האַלב בעטענדיג:

— געהסט אַוועק? חאָלסט, אפשר, נאָר בלײַבען הײַנטיגען אָבענד אין דער הײם, האַ, טאָכטער?

— וואָס איז, איהר קאָנט זיך אָהן מיר ניט קריגען? — מאַכט פּעפּעלע, און געהט צום טהיר.

— עט, קריגען זיך! — שמײַכעלט דער בעל-הגוף — ס'איז דאָך מיט דער מאַמע'ן... נישקשה, מעגסט בלײַבען אַ מאָל אַנ'אָבענד אין דער הײם, מיט טאַטע-מאַמע... געסט חע-לען, אפשר, קומען... ועט מען זיך פּערברענגען...

— געסט? — מאַכט פּעפּעלע פּערוואונדערט, — הער זע-נען דאָס די געסט אין מיטען מיטוואָך? אַ ודאי דײַנע טאַטער'ס פון וואַלד, צי דײַנע שמעקענדיגע סמאָליאַרניקעס?..

— געה שוין געה, קינד אײנס!.. ס'וועט קומען מאיר בערעזינער... געהערט פון מאיר בערעזינער? אַ ייד אַנ'אַדיר... מיט'ן זוהן איז ער דאָ... אַלטע בעקאַנטע...

און ציפּע-פײגע זיצט ווי אויף שפּילקעס: נתת רעדלעבען פון פּעפּעלע'ן וויל זי וואָס גיעבער, דער חתן איז אפילו "קײן עין-הרע אַ דעטב", נאָר פונדעסטוועגען וויָלט זי געוואָלט פּעפּעלע זאָל זיך מיט איהם זעהן, טאָמער איז דאָס פּאָרט אַ בעשערטע זאַך? און אַז זי זעהט, אַז פּעפּעלע וויל שוין אַוועקגעהן, האַלט זי זיך ניט אײַן און שיסט אויס!

— מען רעדט דיר אַ שידוך, רעדט מען דיר, טאָכטער... מיט מאיר בערעזינער'ס זוהן טאַקי, איז קען זײַן זיי זאָלען הײַנט זײַן בײַם טאַטען "מכח וואַלד"... וואָלסט זיך אַ קוק געטהון אויפ'ן

חתן, האַ, טאָכטערל ?... אַ בחור, קיין עין=הרע, ווי אַ דעמב, אַ פּאַרשוין...

פּעפּעלע איז בלייך געוואָרען ווי קאַלך

דערזעהט עס לייבע און רופט זיך אָב:

— זעה, זעה, ווי זי האָט זיך דאָס אַ ביסעל דערשראָקען, די ציגעלע, פאַר אַ חתן...

און אין זיינע אויגען שפּיגעלט זיך אָב אַזאַ ליעבע צו זיין איינציגע פּעפּעלע'ן, אַז דער רויטבערדיגער בעל=הגוף ווערט אַזש שען, פון דעם פייער, וואָס לויכט זיך אין זיי.

און פּעפּעלע ציטערט ווי אין אַ פיעבער.

— וואָס ציטערסט דו אַזוי? קעלבעל דו איינע! — מע'וועט דיך מיט געוואַלד צו דער חופּה ניט פיהרען.

זעהט די מאַמע, אַז פּעפּעלע האָט זיך אָנגעחאַפּט אָן שטיל זי זאָל ניט אומפאַלען, צושרייעט זי זיך אויפ'ן מאַן:

— וואָס ווילסט דו פון'ם קינד, וואָס? וואָס האָסט דו זיך אָנגעטהון אין איהר?! חתן=חתן, חתן=חתן, ט'זיך צוחתנ'ט, האָט ער זיך!..

— דו מיש זיך ניט! — גיעט זיך לייבע אַ בייזער.

און שמייכלענדיג ברייט אין דער רויטער באָרד אַריין, פרעגט ער ווייך:

— וואָס, פּעפּעלטשיק, ווילסט נאָך קיין חתן ניט?

ווי אַ פיש, וואָס מען נעהמט אַרויס פון וואַסער, האָט פּעפּעלע נעחאַפּט די לופט און אומזיסט געמאַטערט זיך עפּעס זאָגען.

טאַטע און מאַמע האָבען זיך ביידע גלייך אויפגעהויבען פון די ערטער און אַלאָז געטהון זיך צו איהר, ווען זי האָט אויסגעשטרעקט די הענד פאָראויס, גלייך זי וואָלט זיי געוואָלט ניט צולאָזען צו זיך, און האָט שטיל, קוים צו הערען, אויסגעשטאַמעלט:

— כ'האָב... כ'האָב שוין אַ... אַ חתן...

— האַ?! — האָבען טאַטע און מאַמע ביידע מיט אַ מאָל אַרויסגעלאָזען, און ווי צוגעשמידעטע געבליבען שטעהן אויף די ערטער, קוקענדיג מיט פערגלאָזערטע אויגען אויף פּעפּעלע'ן.

אַרויסגעזאָגט דאָס ערשטע וואָרט, האָט פּעפּעלע פריי־ער אָבגעאָטהעמט.

— כ'האָב שוין, זאָג איך, אַ חתן . . . מאַכט זי שוין מיט מעהר קוראַזש.

דער ערשטער איז צו זיך געקומען דער בעל־הגוף.

— ווער־זשע איז דער חתן? — מאַכט ער, גלעטענדיג די באָרד, מיט אַ געמאַכטער קאַלטבלוטיגקייט, — לאָמיר אויך וויסען.

— כ'ווייס ניט צו דו וועסט איהם קענען — רופט זיך אָב פּעפּערל.

— דאָך?

— אַנ'אַדרעסער איז ער.

— אַנ'אַדרעסער? ווי קומסט דו אַוש קיין אַדרעס?

— ער איז צו מיר געקומען . . .

— אַווי . . . ווער־זשע איז ער? כ'קען עפּעס ניט טרעפען.... ווי רופט מען איהם?

— מאַקס, רופט מען איהם . . . מאַקס פון אַדרעס.

דערהערט מאַקס דער אַדרעסער, ווייס שוין ציפּע־פּייגע ווער דאָס איז, און גיעט אַ פּאַטש מיט די הענד:

— דער אַדרעסער קראַסאַוועץ, אַ בראָך צו מיינע יאָהרען!

— וואָסער קראַסאַוועץ? וואָסער אַדרעסער? וואָס פּלוי־דערסט דו דאָרטען?! — האָט לייבע אויסגעגלאָצט אויף איהר אַ פּאָר אויגען.

— דער שעהרערל! דער אַדרעסער שעהרערל פון גנ־גענאַיבער! אַ דונער האָט מיך געטראָפען!

— בהמה! פערד! וואָס ביזט דו משוגע צי חסר דעה יז פּעפּעלע האָט האָבען צו טהון מיט עפּעס אַ שאָלטיק, אַ דאָלע־דריגע?! — איז לייבע צוקאָכט געוואָרען.

און דאָס גאַנצע בלוט איז איהם אין פּנים אַריין.

— זידעל איהם ניט, פּאָזשאַלוסטאַ — האָט זיך פּעפּי־לע אַריינגעמישט, — וואָרום ער איז מיין חתן, פּאַפּאַ.

און קוקט דעם טאַטען גלייך אין די אויגען אַריין.

קוקט איהר דער טאַטע צוריק גלייך אין די אויגען אַריין, און זעהט, אַז זי מיינט עס טאַקי, וויל ער זיך אַ ריס טהון צו איהר און אָנכאַפּען זי פאַר די צעפּ, — אָבער ער דער־פיהלט באַלד, אַז הענד און פיס זענען איהם מיט אַ מאָל וועיך־

געוואָרען, אזוי ווי מען וואָלט פון זיי אלע ביינער ארויסגענומען ... קוקט ער מיט פערגליווערטע אויגען אויף ציפע-פייגע'ן, ציפע-פייגע — אויף פעפעלע'ן, און א מאמע'ס אויג — דערזעהט זי גלייך, אז פעפעלע'ס פיגור איז, דוכט זיך, ווי קיילעכדיג געוואָרען, ארום טאליע, און לאָזט ארויס א ווילדען געשריי: „לייבע» !! — און בלייבט זיצען מיט אן'אָפענעם מויל און אויסגעצויגענע האנד ... גיעט זיך לייבע א קעהר צו דער זייט, וואָהין ציפע-פייגע וויזט אן מיט'ן פינגער, און וויל אויך א געשריי טהון. נור אנשטאָט א געשריי, רייסט זיך פון זיין נידריגדיקען און רויטיגען האלז ארויס עפעס מאָדנע קולות: „וואַ-וואַ-וואַ-וואַ» ... דאָס מויל גיעט מיט א מאָל א פאָהר אן א זייט, דער רעכטער האלבער גוף גיט עפעס א מאָדנעם טענצעל, און סאָפּענדיג און כאָרכלענדיג, ווי צו דער גסיסה, לאָזט זיך דער בעל-הגוף אראָב פון שטוהל אויף דער פאָדלאָגע ...

---

## זיעבעטעס קאפיטעל.

(וועלכער האָט דריי מעלות: ע איז קורץ, איז דער לעצטער און מיט א גוטען סוף).

זומפאָווקע איז געוואָרען אונרוהיג.

וועדליג זומפאָווקע האָט אויסגערעכענט, האָט שוין פעפעלע מיט דער מאמען לאנג געדארפט צוריקקומען „פון די בעדער».

שוין באלד צעהן חדשים, אז זיי זענען אוועקגעפאָהרען אין די בעדער „צאפען שמאלץ» און ווי אין וואסער אריין ...

נאָכ'ן חשבון פון זומפאָווקער ווייבער, האָט נאָך מיט פיער חדשים צוריק געדארפט זיין „נאָך אלעמען». צי האָט, חלילה, מיט איהר ניט פאסירט עפעס אן'אומגליק? האָט מען גענומען נאָכפרעגען, און אויספאָרשען, און אויסשמעקען, ביז מען איז דערגאנגען, אז פעפעלע איז, א דאנק דעם אויבערשטען, איבערגעקומען, און איז גאָר א כלה געוואָרען פון פאטשעפ ...

פערשטעהם מען דאָך, אז זימפּאָזיקע האָט עס הנאה גע־
מהון, נור פונדעסטוועגען האָבען זיך געפינען אַ סך בעלנים,
וואָס האָבען זיך ניט נעפוילט מודיע זיין דעם חתן, וועד דער
ארעסטער קראַסאַווצע איז, און וואָס פאַר אַ „בערדעל" די מחותנת׳
טע בייט דער כלה זענען געפּאָדרען און וואָס פאַר אַ „שמאַליץ"
מען האָט זיי געצאַפּט...

געטהון האָט מען עס ניט פון שנאה, חלילה, וואָרום
וואָס האָט מען צו דעם יורען? אַ גאַנץ וואוילער יוד, אָט דער
בעל־הגוף! — נור אַט, זאָל דער חתן וויסען און וואָס פאַר
אַ בלאָטען ער קריעכט דאָ אַריין...

— נור וויפיעל זומפּאָזיקע האָט זיך ניט געלעגט אין
דער לענג און אין דער ברייט — דער חתן האָט זיך ניט חי־
סענדיג געמאַכט. און אין דער זעלביגער צייט, האָט מען, מיט
מזל, אַ התונה געשפּיעלט.



# דאָס פּאָר פּאָלק.

„דאָס פּאָר־פּאָלק" — אַזוי האָט מען זיי גערופֿען ביידען צוזאַמען. און יעדערען באַזונדער: איינעם — „נח די ווייב" דעם צווייטען — „נאַטקע דער מאַן".

ווייל געלעבט האָבען זיי צווישען זיך ווי מאַן און ווייב דאַרפֿען לעבען צווישען זיך: שטענדיג צוזאַמען, אייפערזיכטיג געווען איינער אויפ'ן צווייטען, געקריגט זיך, איבערגעבעטען זיך, אויפ'ס־ניי ברוגז און ווידער גוט, קירן, ווי יעדעס „פּאָר־פּאָלק", האָבען זיי זיך ניט צו שטאַרק ליעב געהאַט, אָבער צו־שיידען זיך האָבען זיי אויך ניט געקענט.

דער סוד פון זייער צוזאַמענגעבונדענקייט איינער צום צווייטען, איז געלעגען אין דער פערשיעדענהייט פון זייער איינזעהען און כאַראַקטערען: „נח די ווייב" איז געווען מיטעל־געוואַקסיג, דיק און שוואַרץ, נור הג׳עזיג, ניט איבערגעשפּיצט, אָבער קיין „עהרליכער נאַר" האָט מען איהם אויך ניט געקאָנט אָנרופען. בטבע שטיל און רוהיג: ניט נאָר מיט פרעמדע, נאָר אפילו מיט אייגענע האָט ער אויך אויסגעמיעדען מחלקות.

האָט איהר איהם געזאָגט אַ גוט וואָרט, אַ פריינדליכע מינע, געוויזען, האָט ער זיך צוגעקלעפּט צו איך, ווי אַ נאַסע העמד צום לייב.

האָט איהר איהם גערופען „שמאַטע", „ידיגע" אָדער אָנגע־בייזערט זיך אויף איהם, האָט ער זיך מעהר געשראָקען, ווי בעליידיגט.

„נאַט'קע דער מאַן", ווידער, איז געווען פּונקט דער היפּך פון „נח די ווייב": מאָגער און ביינינג, מיט אַ בלאַס פּנים, מיט

האָהר פֿון האַלב־שטרוי, האַלב־פלאַקס־קאָליער, ריהרעוודיג, ווי קוועקזילבער, מיט אַ צונג, ווי אַ ברישוועָ, מיט אַ שטעלענדיג געלעכטער, — האָט ער אַ צוגעצויגען, אַ אָבגעשטייסען יעדערען פון זיך.

מיט נאָטקען — האָט מען געוואוסט, — וועט אומעדיג ניט זיין: אַ וויטץ, אַ שפּאַס, אַ ווערטעל ווייסט זאָגען נאָטקע. דערפאַר איז מען קיינמאָל ניט זיכער געווען, ווען ער וועט אבריהען, ווען אַ שטאָך טהון.

געזאָגט האָט מען, אַז ער האָט זיך בכיוון אויסגעקליבען נה'ן פאַר אַ חבר, כדי ער זאָל האָבען איבער וועמען צו קאָמאַנדעווען, און פֿון וועמען נאָכצולאַכען פֿאַר די מעדלעך אגב האָט ער געמיינט: נח'קע איז פאָרט אַ שטיקעל מאַנסביל, ווען ער זיך ענטקעגען שטעלען, וועט זיין לעבעדיג, האָט זיך אָבער אַרויס־געוויזען, אַז די „ווייב" ליידט און שווייגט...

איז ער פֿון זיין „ווייב" ניט שטאַרק צופֿרידען געווען.

שוין צופֿיעל „יודענע": וואָס ערגער די בעהאַנדעלט איהם אַלץ מיהר בינדט ער זיך צו צו־דיר. גאָר ניט אינטערעסאַנט!

„האָט נאָטקע דער מאַן" פֿערלאָזען דאָס „ווייב" און צוגעקלעפט זיך צו אַ מיידעל! און דוקא צו אַ שעהן מיידעל. דאָס הייסט, ביי לייטען האָט זי אפשר ניט אַזאַ חן געהאַט, נאָר אין נאָטקע'ס אויגען איז, פֿאַר די לעצטע דריי חדשים, קיין שענערס און בעסערס פֿון דער קליינער חוה'לע ניט געווען.

צוויי באַקען, ווי צוויי צייטיגע עפעל; ציינער — ריין און חיים, ווי אַריינגעשטעלטע; ליפען — רויט און פריש, אפילו ווען מען בעלעקט זיי ניט מיט'ן צונג... און אַ פרעהליכע ווען מען דאַרף — אַנ'ערנסטע, אַ שטיפערקע אַ בייסיגע מיט אַ ציניגל, וואָס קאָן זיך באַלד פֿערגלייכען מיט נאָטקע'ס האָט שטענדיג אַ פאַרטיג'ן וואָרט אַ רעשט צו געבען. שרעקט זיך ניט אפילו נאָטקע'ן און די אויגען צו לאַכען פֿון איהם.

און דאָס איז איהם דוקא געפעלען.

האָט דער „מאַן" אָנגעהויבען ווערען נאַכלעסיג צו דער „ווייב" און אָבזיצען גאַנצע טעג ביי חוה'לען. זי זיצט און נעהט, און ער לייענט איהר מעשה־ביכלאַך, דערצעהלט איהר וויטצען, מאַכט זי פרעהליך. צייטענווייז פלעגט מען זיך אַ ביסעל צוקריי־

גען, וואָס דאָס איז דער בעסטער סימן, אַז מען האַלט שוין ווייט. . .

דער סוד איז אין גיכּען אַרויס, ווי בוימאייל אויפ'ן וואַסער, גאַנץ שטעדטעל האָט דערפון גערעדט, נאָר, איין נח האָט ניט געוואוסט, אַז דער „מאַן" איז איהם אונגעטריי.

נאָטקע האָט נח'ן פון זיין ליעבע ניט דערצעהלט, ניט מחמת ער האָט מורא געהאַט פאַר'ן „ווייב" — נאָטקע איז ניט פון די שרעקענדיגע — נאָר ס'איז איהם פּשוט געווען „פּריקרע" אַז ער, נאָטקע, זאָל זיך גאָר „איינליובקען". און גלאַט, וועגען אַזעלכע זאַכען רעדט מען ניט. . .

איז אָבער געקומען אַ צייט, ווען נאָטקע האָט געמוזט צוזאַמען פיהרען חוה'לען מיט זיין „ווייב".

די מעשה דערפון איז אַזוי געווען:

נאָטקע האָט געהאַט אַ טאַטע'ן איז זיך מיטב דער טאַטע און שטאַרבט אַוועק, און לאָזט איבער אויף נאָטקע'ס הענד אַ מאַמע מיט שוועסטער, וואָס האָבען געזאָגט, אַז דערפון, וואָס נאָטקע וועט זיך חכמה'נען און „שלייען" זיך מיט מיידען, וועלען זי ניט זאַט זיין. האָט ער זיך געמוזט אַוועקלאָזען אין דער גרויסער שטאָדט אַריין זוכען ברויט. האָט ער אָבער מורא געהאַט, אַז מען וועט דאָ זיין אוצר אויסהאַפּען, די בחורים אַרום דאַרפען דאָך זיין שטאָק־בלינד, ניט צו בעמערקען אַזאַ „ראָזאַנטשיקעל", ווי חוה'לע'ן.

וואָס־זשע טהוט מען פאַ־ט צו האַלטען די „האָלאָדרינגעס" פון ווייטען? איז ער זיך מיישב: ער וועט זי אָנפערטרויען נח'ן ער וועט שוין זעהן, עס זאָלען זיך אַרום איהר קיין בחורים ניט דרעהען.

פאַר נח'ן אַליין איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען מורא צו האָבען, —אַזוי פרעמד איז ער געווען פון דעם געדאַנק, אַז אָט דער נפש, וואָס ציטערט פאַר זיין דוך, וועט ביי איהם אָבנעהמען זיין חוה'לע, פרעגט איהם כחרם, וואָס אַ שעהנע מיידעל איז!..

געגען אַנדערע בחורים, וויעדער, איז עס אַ גוטע קביעה: די „ווייב" איז דאָך פאָרט אַ בחור, און ניט קיין מיאוס'ער בחור, און אַ געראָטענער בחור, אַ קענער.

עס האָט ביי איהם אפילו יאָ דורכגעבליצט אויף אַ רגע

אִין מוֹח: „פּאָרט אַ בחור“, נור ס'איז אִיהם אַלֵיין קאָמִיש אוֹיס־
געָקוּמעָן, אַזאַ יוּרעָנגעָ וועָט ביי אִיהם אָבשלאָגעָן זיין הוה'לעַ!
הוה'לעָ אַלֵיין דאַרף דאָך אויך זיין משוגע זי זאָל אִיהם,
נאָטקעָ דעָם מאַן, פערבייטעָן אויף דער צוקראָלעָנער „חַיִבֿ“.
דעָרצעָהלט, דעָר „מאַן“ דער „וויַיבֿ“ קיין מעשות ניט,
און מאַכט, כּלומרשט, אִין דעָר וועָלט אַריין:
— העָר נור, נח, דו קעָנסט דאָך, מין הסתם, הוה'לעָ
די קליינעָ?
— כ'קעָן זי, נו, איז וואָס?
— אַ וואָהל מיידעָל... האַ! וואָס זאָגסט דו?!
— אַ מיידעָל! — מאַכט זי נח אַוועָק אונטער'ן האַנד,
וואָלט נח אַנ'אַנדעָרש מאָל אַזוי אַ שאַר געָטהאָן זיין הוה'־
לעָן, וואָלט אִיהם נאָטקעָ געָוויזעָן, וואָס אַ „מאַן“ קאָן: נור
איצט איז גלייכער עָר זאָל גאָרניט וויסעָן, וואָס ביי אִיהם אִין האַר־
צעָן טהוט זיך, און עָר מאַכט קאַלט־בלוטיג:
— אַ מיידעָל צו אַ מיידעָל איז גלייך. אויב דו ווילסט,
וועָל איך דיך בעָקאַנט מאַכעָן מִיט אִיהר, האַ?
— וואָס וועָל איך דאָרטעָן טהון? — מאַכט נח פערְ־
שלאָפעָן, — קוקעָן, ווי זי נעָהט?
ביי נאָטקעָ'ן איז שוין געָוועָן גרייט אַראָבצורייסעָן זיך פון
צונג: „דו געָ'פגר'טער פיש“. נור עָר האָט זיך דערמאָנט, אַז
עָר דאַרף אָנקומעָן צו דער „וויַיבֿ'ס“ לאַסקעָ, און עָר האָט
וויַיך געָזאָגט:
— זי נעָהט? וואָס זאָל זי טהון, אַז זי מוז זיך אַליין
ערנעָהרעָן? אָבעָר מעָגסט מיר גלויבעָן, זי האָט מעָהר שכל
פון אינזעָרע מיליונעָ „באַרישניעָס“. ווען מעָן לעָרעָנט זי צו
אַ ביסעָל... אפשר וואָלסט דו אִיהר געָגעָבעָן אַ אומזיסטעָן
אוראָק. האַ?...
— זעָה, וואָס האָסט דו זיך אַזוי מִיט אַ מאָל פעָראינ־
טעָרעָסירט מִיט הוה'לעָן, וואָס? — איז דאָס „חַיִבֿ“ פעָרדעָל־
טיג געָוואָרעָן,
דעָרזעָהט דער „מאַן“, אַז דאָס „וויַיבֿ“ מישט זיך אִיהם
צופיעָל אִין זיינעָ געָשעָפטעָן, האָט עָר בעָנוצט דעָם אַלטעָן מיִ־
טעָל: שטאַרק אָנגעָבייזערט זיך אויף „אִיהר“, גלייך עָר איז געָרעָכט.

— און וואָס ווילסט דו, וואָס? ! דו פוילע זאַך! ס'וועט פון דיר עפּעס אָבּפאַלען, אַז דו וועסט איהר געבּען אַנ'אומ־זיסטען אוראָק? האָסט קײן צײַט ניט, זעה איך.

און האָט זיך דער „מאַן" אָנגעבּײזערט אויפ'ס „ווײַבּ", האָט „זי" געטהון, וואָס מ'האָט געהײסען.

— מילא, דו ווילסט כ'זאָל זי לערנען, זאָל זײַן — לערנען, איך ושאַלעווע עפּעס?

האָט דער „מאַן" פאָרגעשטעלט דאָס „ווײַבּ" פאַר הוה'לען, און טאַקי באַלד, בײַ'ם ערשטען דורכפאָהר, אַ בּיסעלע הויך געמאַכט פון נה'ן פאַר איהר אין די אויגען.

זאָל זי זעהן, וואָס פאַר אַ פּנים אַנדערע בּחורים האָבּען נעגען איהם!

און נאָטקע איז אַוועקגעפאָהרען אַ רוהיגע: ניט נייר האָט ער איבּערגעלאָזען אַ גוטען שומר, נור אויך אַ גוטען לעהרער פאַר זײַן חוה'לען,

נור אַ כּענש טראַכט און... און נאַרט זיך אין חשבּון...

פּטור געוואָרען פון „מאַן" איז נח'קע אוים „ווײַבּ" געוואָרען.

צוזאַמען מיט דעם „מאַנ'ס" יאָך איז פון איהם די גאַנצע פערשלאָפענקײט פאַרפאַלען געוואָרען. פון „אַ שוואַכע יודענע" איז ער געוואָרען אַ בּחור מיט אָפענע אויגען, וואָס האָט געזעהן, אַז קײן צווײ הוה'לעך זענען אין זומפּאָווקע ניטאָ, און די איינע, וואָס איז פאַרהאַן, איז גלײַכער זאָל זײַן זײַנע, ווי איטיצענ'ס אַנדערש.

האָט ער אָנגעהויבּען בּיסלעכוויז קוקען אויף איהר מיט אײַנגעליבּטע אויגען, דערצעהלט איהר מעשיות, וואָסערע אוי־גען ער האָט ליבּ און וועלכע האָהר געפעלען איהם, צוגיסען זיך אויף זײַן ווײַכען, בּויגינגען טענאָ־ער. פערקלײַבּען זיך מיט איהם צו איהר אין דער נ'שמה אַרײַן... און טאַקי גלײַך נאָכ'ן געזאַנג דעקלאַמירען מיט אַ ציטעריגע שטימע!

„איך זינג ניט פאַר קיינעם, כ'זינג נאָר פאַר איהר — פאַר איהר' מײַן געליבּטע, די טהײַערסטע מיר"...

געלערנט זי שרײַבּען און לײַענען; געזעסען מיט איהר איבּער דיקע ראָמאַנען, געשפּילט זיך אויף לאָרקעס.

אין לבנה־נעכט פלעגט ער מיט איהר אָבּזיצען שעה'ן־

לאַנג, און זיפצען . . .

קורץ, נאָך האָט געטאָן אַלין, וואָס אַ בחור דאַרף טאָן צו געווינען אַ מיידעל׳ס האַרץ.

און איינמאָל, אין אַ זומער־פאַרנאַכט, שפּאַצירענדיג לאַנג־זאַם אין בערעזניאַק, וואָס בײ׳ם שטעדטעל, האָט נאָך אָנגענומען אַ פולע ברוסט מיט לופט, האָט טיעף אָבגעאָטהעמט און גע־רעדט קלאָהרע דיבורים:

— מיט דיר איז די וועלט אַ גן־עדן; אָהן דיר איז מיין לעבען קיין געבאַקטע ציבעלע ניט ווערטה . . .

חוה׳לע האָט רוהיג אויסגעהערט און האָט ניט געזאָגט ניט „יאָ", ניט „ניין".

אבשר קומט נאָטקע וואָס דאַרף זי זיך איילען? . .

און טאָמער קומט ער ניט, למאי זאָל זי אַרויסלאָזען אַזאַ בחור ווי נאָך? . .

האָט זי אַ ווייַלע געטראַכט, און געענטפערט:

— מיר וועל׳ען זעהן . . .

דערביי האָט זי אַ גלעט געטהון נאָך׳ן די האַנד און גע־שמייכעלט אַזאַ שמייכעל, וועלכען מען זאָל שפּעטער קענען אויסטייטשען אזוי, אזוי אזוי . . .

אָבער נאָטקע איז ניט געקומען.

חדשים זענען געגאַנגען, בריעף פון איינעם צום צווייטען — דאָס גלייכען; אָבער פּאַפּירענע ליעבע איז ניט לעבעדיגע ליעבע: ווי היים זי זאָל זיך אויפ׳ן פּאַפּיער ניט אויסגיסען, קומט זי אָן אַ פערטריקענטע, אַ קאַלטע . . .

און די לעבעדיגע ליעבע האָט געזיעגט: חוה׳לען איז מיאוס געוואָרען צו האַרטען, און זי האָט חתונה געהאַט מיט „נאָך די וויַיב".

און — די פּאַליטע וועלט! אין דער צייט, ווען נאָטקע האָט חוה׳לען געשריבען היימיגע און קלוגע ליעבעס־בריעף, האָט זי מיט זיין „ווייב" איהם אויף די בריעף — געענטפערט, אזוי ווי זיי וואָלטען פאַר איהם גאָרניט געפלאַנעהעט אַ טויט־קלאַפּ.

נאָך׳קע׳ס בריעף זענען געווען, ווי ווייב׳ס בריעף זענען געוועהנליך: ניט אינטערעסאַנט, אָבער פריינדליך גענוג; חוה׳לע האָט געשריבען די בעקאַנטע „שוועסטער"־בריעף, צווישען

די שורות פון וועלכע מען קען לייענען, וואָס מען וויל...
און ווען נאָטקע האָט זיך געקליבען צו שרייבען צו חוה׳־
לען זיין הונדערט און ערשטען בריעף, — האָט איהם ווי אַ
דונער פון לויטער׳ן הימעל געטראָפען אַ קליינצינקע ווייסינקע
קאַרטעלע, אויף וועלכער ס׳זענען געשטאַנען בלויז פינף ווערטער.

נח שלימולזאָן. חוה שאַרפקעפּעל.

פערהייראַטעט.

איבערגעלייענט דאָס קאַרטעלע, האָט זיך נאָטקע אַוועקגע־
שטעלט אין מיטען צימער, און גענומען זיך אליין פּאַטשען אין
ביידע באַקען, אויסקוועטשענדיג בשעת מעשה פון צווישען די
ציינער:

— רעכט אויף דיר, דו אידיאָט! געטרוי ווייטער ניט
אַ קאַץ סמעטענע, און אַ מיידעל, וואָס דו האָסט ליעב — אַ
פרעמדען בחור.., אָט האָסט דו דיר „נח די חיה! אָט איז
דיר אַ „נאַרישע יורענע!“ אויספּראַסקען דאַרף מען דיך נאָטקע הכם!
און אָנפּראַסנ' דיג זיך אַ פּאָר רויטע באַקען, איז נאָטקע
אַוועק און האָט געשיקט די פּאָר־פּאָלק אַ טעלעגראַמע מיט אַ
מזל־טוב.



# הויך געשטיגען

---

ר' שלמה אַ יוד אַ גביר, און אַ שענער גביר, וואָס טראָגט ניט קיין אָב פון יודישקייט איף אַ האָהר. איז אַ בעל־הבית פון אַ אייגענען הויפעל, אין וועלכען עס וואוינען עטליכע געזינדען, און אַ סוכה איז פאַרהאַן נאָר איינע. פראַוועט ער מיט זיינע שכנים יום־טוב אונטער איין סכך.

און ר' שלמה האָט פיינד, עס זאָל זיך אַ גאַנצען טאָג רו־דערן אין סוכה, ווי איף אַ יריד. — אַלע אינאיינעם דאַרף מען פראַוועס די סעודה.

ר' שלמה זיצט מיט זיינע שכנים פון ערשטען און צווייטען שטאָק ביים גרויסען טיש, און די שכנים פון די דאַך־שטיבלעך און קע־לער־וואָהנונגען ביי די שמאָלע, פון ברעטער־אויפגעשלאָגענע טישען, וואָס שטעהען אַרום די ווענד.

ער זעהט, וואָס ביי זיי קומט פאָר. און זיי האָבען הנאה פון זיין שען־יודישען פיהרונג...

און, אַז מען איז אויף לייטישע אויגען דאַרף מען טאַקי דעם סוכות פראַוועס מיט אַביסעלע מעהר פּאַראַד.

חערט ר' שלמה'ס סוכה אויסגעהאַנגען מיט טעפּיכער, אויפ'ן טיש ווערט אַרויפגעשטעלט דאָס גאַנצע זילבער־געשיר — נאָר ווי ביי לייטען פסח צום כדר — די קוילעטשען, האָט ער ליעב, זאָלען זיין גרויס, פערברוינט און געדיכט באַשאָטען מיט מאָן; פיש — גרויסע שטיקער, גוט געפילט און פערגעריבען ניט זאַפּרען.

די יויך זאָל זיין מיט „אויגען"; דער צימעס — זאָל אוי־

בערן גאַנצען הייף פערשמעקען ; ווייַן — מובחר מן המובחר ; הכלל, אַלץ זאָל אַ שען פנים האָבען.

און אַנ׳עולם זאָל זייַן וואָס אַ גרעסערער.

אפילו ווייַבער זאָלען זיצען אין סוכה, האָט ער ליבּ געהאַט.

— מחויב זענט איהר טאַקע נישט — זאָגט ר׳ שלמה — אָבער שאַדען וועט עס געוויס נישט. און אפשר, וועט עס אייך „דאָרטען" נאָר צוניץ קומען, מען קען עפּעס וויסען ?...

און ס׳איז טאַקי בעסער, אַז די סוכה איז נישט לעדיג ; יודישקייט פראַוועט זיך נאָר אַנדערש פאַר אַ שטיקעל עולם ; דער קידוש נעהמט אַרויס מיט מעהר מתיקות, דאָס בענשען האָט גאָר אַנ׳אַנדער טעם.

זאָלען לייט אויך וויסען פון אַנ׳עונג יום־טוב !

וואָס אַרט עס איהם ?

---

דעם דאָזיגען סוכות האָט זיך ר׳ שלמה נוהג געוועזען, ווי אַלע יאָהר :

געקומען פון שוהל, איז ער גלייַך אַרייַן אין סוכה, וואו דער גאַנצער עולם מיט ווייַבער אין קינדער האָבען שוין אויף איהם געוואַרט, אָבגעגעבען דעם ברייטען גוטען „יום־טוב", געלאַסען אָבגעזאָגט דעם „אושפיזין", אָנגעגאָסען דעם גרויסען זילבער־נעם בעכער פיל מיט ווייַן אין וואַרפענדיג אַ בליק איבער׳ן סוכה, האָט ער פון יוצא וועגען אַ פרעג געטהון :

— אַלע דאָ ?

— אַלע, אַלע ! — האָט מען פון אַלע זייַטען געענטפערט.

— ווועל איך מאַכען קידוש — האָט ער ווי אָבגעצעהלט די פיער ווערטער.

און אַ קידוש האָט ר׳ שלמה געמאַכט — נאָר צו הערען ! יעדעס וואָרט עפּעס אַזוי בעטעט׳ט, פשוט צוקייַעט און יעגעס אין מויל אַרייַנגעלעגט !

און אַ קול האָט ער געהאַט נישט קיין סקאַרבאָווע־חזנ׳יִשען, — נאָר אַ זיסען, בעל־הבתי׳שען קול, וואָס ווייַבער שאָקלען צו מיט די קעפּ הערענדיג איהם, און מאַנסבילען — פיהלען

זיך יום־טוב׳דיג.

נאָר יום־טוב׳דיגער פון אלעמען פיהלט זיך ר׳ שלמה אליין.

ער פיהלט זיך בעל־הבית איבער׳ן גאַנצען עולם דאָ אין סוכה נישט מחמת זיי וואוינען אין זיין הויז, נאָר ווייל ער איז אינגאַנצען בעל־הבית איבער זיי! ער איז רייכער און — ממילא — קלינגער; ער איז פריסער, זיין קידוש איז שענער, זיין בענטשען איז בעסער, גאָט האָט איהם גאָר ליעבער...

און ווען ער מאַכט קידוש פאַר׳ן עולם, הערט זיך אין זיין קול אַ משונה׳דיגע הנאה פון זיך אַליין און פון גאָט׳ס הערלטעל; דעם „אתה בחרתנו מכל העמים״ זינגט ער אויס מיט אַזאַ לאַנגזאַמע מתיקות, אַז מען זעהט בעשיינפערליך, אַז דער פסוק גערהט טאַקי נאָר אויף ר׳ שלמה׳ן אַליין...

ביי׳ם טיש, פיהרט זיך ר׳ שלמה אויך מעשה בעל־הבית: כל־זמן ער עסט נישט אָב איין געריכט, דערלאַנגט מען נישט ביי קיין שכן דאָס צווייטע געריכט.

און ער איילט זיך נישט.

דאָס איז זיין עונג יום־טוב...

---

געקומען צום צימעס, האָט ר׳ שלמה אַרויסגענומען די רויטע פאַבשיילע פון דער הינטערשטער קעשענע, אָבגעווישט דעם שווייס פון שטערען, אויפגעהויבען דעם קאָפּ צום סכך אַרויף און אַ זאָג געטהון סתם אין דער וועלט אַריין:

— פּאַ־אַרנע היינט, כ׳האָב מורא ס׳וועט רעגענען.

— הע, הע! מילא, אַבי די ערשטע וועטשערע אָבגעגעסען אין סוכה — מאַכט מיט אַ הניפה־קול׳כעל מענדעל פון נומער איינס. — ביינאַכט מעג זיך רעגענען, אַבי צו וואַרמעס און צו וועטשערע זאָל זיך אויסלייטערען, הע!

פאַרוואָס ער רעדט אַזוי הכנעה׳דיג מיט ר׳ שלמה׳ן, ווייס מענדיל אַליין נישט. קיין גמילות־חסד האָט ער ביי איהם נישט צוקריגען, דירה־געלד מיז ער צאָהלען צו דער מינוט. נאָר אָט. נאָרנישט, אַזאַ קוק האָט שוין ר׳ שלמה, אַז מען מיז מיט איהם רעדען מיט דרך־ארץ...

— אין שלאָפען אין סוכה איז גאָרנישט ? — איז איהם ר׳ שלמה מבטל, — אַ יוד איז מחויב צו שלאָפען אין סוכה, אזוי גיט, ווי ער איז מחויב צו עסען אין סוכה. עס שטעהט בסוכות תשבו, דרש׳ענט דער מדרש: איהר זאָלט זיך בעזעצען אין סוכה . . . איהר פערשטעהט, יודען ?

ר׳ שלמה איז זיך נוהג נישט צו „איה־צען" אַ יודען פון מון, זאָגען „דו" אַ בן־ששים — לאָזט זיך איך נישט, — מיידט ער אינגאַנצען אים צו רייהרען מיט מענדלען און רעדט מיט אַלע, מיט׳ן עולם . . .

— אָט דאָס זעהט איהר ר׳ שלמה, האָב איך גאָר פערגעסען. — פערענטפערט זיך מענדיל און פיהלט זיך בעת־מעשה אַ גראָבער עם־הארץ.

— זאָגט בעסער, אַז איהר האָט קיינמאָל נישט געוואוסט. ר׳ מענדיל — וויל דער שכן פון קעלער־שטוב נישט אזוי פער־שעמען מענדלען, ווי געפעלען ר׳ שלמה׳ן.

— ער מוז אַפנים מיינען, אַז פערהערען זיך מיט ר׳ שלמה׳ן אין תורה, איז די זעלביגע זאַך, וואָס שמועסען פאָליטיק און שנײדערישען קלײזעל — לאָזט מען מענדלען אַלײן נישט אָב, און מענדיל שמייכעלט שולדיג־נאַרישעוואַטע, און שווייגט...

---

— הלואַי וואָלט די מינוט אַ פליוכלע געטהון אַ רעגען אין די טעלער, וואָלט גענומען אַ סוף צו דער לאַנגער סעודה — ווינשט זיך חיים, ר׳ שלמה׳ס בן־יחיד בייַ זיך אין האַרצען.

חיים איז שוין גאָר אינגאַנצען אַ „היינטיגער" און די אַלע „צערעמאָניעס" זיצען איהם ווי אַ ביין אין האַלז.

נייַן אַ זייגער הויבט זיך אָן די רעפעטיציע פאַר׳ן „ליובי־טעלסקען"; זיי וואַרטען שוין דאָרטען געוויס אויף איהם, בייַלקע איז אויך דאָרטען, און זיי זיצען דאָ און דרשה׳נען פסוקים!

דעם טאַטען קען ער עס אָבער נישט זאָגען — שווייגט ער. זיצט ווי אויף שפּילקעס, און אָנטשויַט צימעס עסט ער מיט די אויגען דעם טאַטען אַליין, דעם „אַלטען תרח" — מענדעל, און די גאַנצע „טשערעדע בהמות".

גאָר אַפנים, אַז גאָט אַליין האָט דערהערט זיין שטילע

תפלה: עס האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן איבער׳ן סכך. אַ פּאָר מינוט שפּעטער זענען עטליכע גרויסע רעגן-טראָפּנס געפאַלען אויפ׳ן טיש, אויף די טעלער, איינס האָט געטראָפן אין דאָס ברענענדיגע ליכט, וועלכעס איז שיפּענדיג אויסגעלאָשען געוואָרען.

אין סוכה איז געוואָרען אַ שטיקעל כהימה.

בענטשען האָט שוין ר׳ שלמה נישט געקענט, ווי ער האָט ליעב: דער רעגען האָט געגאָסען אַלץ שטאַרקער, דער עולם האָט זיך געאיילט, — גיעה פראַוועט דאָ באריכות...

ר׳ שלמה׳ס ווייב האָט גיך אויפגעקליבען דאָס זילבער פון טיש און מען איז אַריין אין שטוב.

---

זינגער איינס ביינאַכט איז חיים מיט זיינע חברים געשטאַנען ביי׳ם מהויער פון זיין פאָטער׳ס הויז און געפיהרט אַ שטילען שמועס:

— וואָסער אַ שענע נאַכט! ס׳ווילט זיך גאָרנישט געהן שלאָפען — מאַכט חיים.

— ס׳איז נישט די שענע נאַכט — ס׳איז די שענע ביילקע, וואָס לאָזט דיך נישט שלאָפען. — ראַכט פון איהם נתן, אַ חבר זיינער.

און אַלע לאַכען מיט.

— ווערליג עס ווילט זיך נישט שלאָפען, וואָלט מען נאָר גע־ זען אַ יושר צו מאַכען אַ קערטעל — פאַלט מאַטעל, אַ בעל־ הבתיש בחור׳ל, אויף אַ פּלאַן.

— שוין אַ קערטעל? בעצייטענס עפענען דעם סעזאָן? — גערעלט, כלומר׳שט, נתנ׳ען דער פּלאַן נישט.

— פאַרוואָס נישט? אויסשלאָפען זיך וועסטו צייט האָבען מאָרגען ביטאָג.

— גערעכט איז ער — איז איינער מסכים — די צרה איז נאָר, וואָס ס׳איז נישטאָ וואו צו שפּילען.

— און וואָס גיעט איהר מיר, אַז איך גיעב אייך אַנ׳אָרט, וואו צו שפּילען? — מאַכט חיים האַלב פערטראַכט, אַזוי ווי דער פּלאַן וואָלט איהם אַליין נאָך נישט אינגאַנצען קלאָר געווען.

— וואָס זאָלען מיר דיר געבען? — אַ יישר־כח...

— ניין, טאַקי, איהר ווילט שפּיעלען? — איז חיים אין ספק.

— אַ שאלה צי מען וויל? גיעב נאָר וואו.

— נעהם איך אייך אַריין צו אונז אין סוכה און מיר שפּיעל'ען האָרטען חאָטש ביז טאָג.

— און דער טאַטע דיינער? ער שלאָפט דאָך אין סוכה.

— דעם טאַטען האָט דער רעגען, נעבעך, פערטריבען אין שטוב אַריין שלאָפען.

— איז דאָך טאַקי גוט!

— יאָ, נאָר פונדעסטוועגען זאָלט איהר נישט ליאַרעמען, וואָרום ער קען זיך אויפכאַפּען, קריגען מיר אַלע ריבוק־אברים.

— וואָס זענען מיר עפּיס יאָלדען, וואָס?!

חברה איז דער פּלאַן געפעלען און מען איז אַריין אין סוכה.

איז מען זיך מיישב, וואָס צו שפּיעלען.

מאָטעל איז געשטאַנען פאַר אָקע:

— אָקע — האָט ער גע'טענה'ט — איז אַ שכל'דיגע שפּיעל, צו אַנ'אָקע דאַרף מען האָבען קאָפּ;

— דו קענסט, למשל, האָבען „פּיסטע שראַגע״ און אַוועקטראַכטען דריי טייז, אויב דו פערשטעהסט די שפּיעל.

האָט אָבער חברה געוואוסט, אַז מאָטעל איז אַ מזיק אין אָקע און מען האָט זיין פּאָרשלאַג נישט אָנגענומען.

איינער האָט אפילו פאָרגעלעגט „סטוקעלקע״ איז מען אויף איהם אָנגעפאַלען:

קאַרטיעזשניקעס זענען זיי, וואָס?

איז געבליבען מען זאָל נאָר מאַכען אַ „טערטעל־מערטעל״.

אין אַ „טערטעל־מערטעל״, איז קיין רמאות נישטאָ.

דאָס איז נאָר אַ מזל־זאַך: האָסטו מזל, איז רעכט שלאָגען דעם „ניינטען וואַל״; אַז ס'איז נישט בעשערט, געווינסט דו נאָר־נישט, און ממילא — געווינט אַנ'אַנדערער.

---

ר' שלמה'ן שלאָפט זיך נישט. ער ווייס, אַז היינט ביינאַכט דאַרף ער שלאָפען אין סוכה, און נישט אַזוי דאָס שלאָפען אין

סוכה, ווי דאָס לערנען פריה פאַרטאָג: ער האָט ליעב, אַז נאַנץ פריה פאַרטאָג, ווען דער עולם שלאָפט אַרום נאָך געשמאַק, זאָל זיך זײַן קול הערען פון סוכה איבער'ן גאַנצען הויף, און איבער־קערהערענדיג זיך אויפ'ן צווייטען זײַט, זאָלען ווײַבער זאָגען:

— וואָסער אַ טײַערער יוד דאָס איז! אַ געבענשטער בויך בײַ זײַן מאַטען געוועזען!

און די מאַנען גיעבען צו שלעפעריג:

— אַ שענער יוד!... און שלאָפען ווידער אײַן.

ר' שלמה הויבט זיך אויף אַלע ווײַלע, קוקט אַרויס דורכ'ן פענסטער, זעהן צי עס רעגענט נאָך, און לעגט זיך צוריק מיט אַ לײַכטען זיפ'ץ; אַ גרוי־דונקעלע נאַכט קוקט אויף איהם דורכ'ן פענסטער און דער דראָבנער רעגענדעל גיעסט זיך אַזוי געלאַסען, אײַנאַרטיג... עס זעהט אויס, אַז ער וועט גאָר קײנמאָל נישט אויפהער־ען.

געוועהנליך, שלאָפט זיך אין אַזאַ רעגען־נאַכט געשמאַק נאָר הײַנט פיהלט זיך ר' שלמה, ווי אויף אַ פרעמדער בעט, נישט דאָ איז הײַנט זײַן אָרט צום שלאָפען.

ערשט זײַנער צוויי בײַנאַכט, אַרויסקוקענדיג צום צעהנטען מאָל פון פענסטער, איז ר' שלמה'ס האַרץ פול געוואָרען מיט שמחה.

דער רעגען האָט אויפגעהערט, אַ טיעף־בלויער הימעל מיט שטערען, וואָס זעהן אויס, ווי אויסגעוואַשענע נאָכ'ן רעגען, הענגט איבער דער ערד; די לבנה, אַ קײַלעכדיגע מיט אַ נאַאיווי פנים, שטעהט, ווי אײַנגעפאַסט אויף אײן אָרט און בעגיעסט מיט אַ כישוף־שײַן דעם הויף, די הײַזער, די גאַס, ראָמאַן, דעם שכנ'ס עפּעל־סאָד.

ר' שלמה אָבער איז ווײַט פון דער שענהײַט פון דער נאַכט, ער האָט נאָר אײן זאַך געזעהן: דער רעגען האָט אויפגע־הערט און ער קען, ווי אַלע סוכות, נעכטיגען אין סוכה.

און נישט קלערענדיג לאַנג, האָט ער אָנגעטהון אַ פּאָר פאַנטאָפעל, גענומען די מלבושים און אַ קישען אונטער'ן אָרעם אײַנגעוויקעלט זיך אין קאָלדרע, און געגאַנגען איבערשלאָפען די איבעריגע פּאָר שעה אין סוכה.

אַרויסגעהענדיג פון שטוב, האָט ער גלײַך בעמערקט, אַז

אין סוכה ליגט זיך.

— די געסט פון די „אושפיזין״ פראַװען דאָרט די יום־טוב־סעודה! — איז געװען זײַן ערשטער געדאַנק.

נאָר באַלד איז ער איבערגעגאַנגען צו אַ װאָלענדיגערער מחשבה:

— מען בע׳גנב׳ט דער אלטער װאַרעניעס...

שטיל האָט ער זיך צוגערוקט צום טהיר, צוגעלעגט דאָס אויג צום שליסעל־לאָך און דערזעהן פאַר זיך אַ בילד ניט פון די „אושפיזין״ אַרוים:

אין מיטען טיש איז געשטאַנען אַ װײַן־פלעשעל, אין װײַן־פלעשעל האָט געשטעקט אַ ברענענדיג ליכט, אַרום טיש זענען געזעסען זעקס פאַרשוין, אַלין בעלי־בתי׳שע בחורים װאָס ער קען.

זײַ אַלע האָבען נישט אַרויפגענומען די אויגען פון חיים׳ן, יעלכער האָט געצײנגען אײנציגע קאָרטען פון אַ טעשעל און געלעגט זײַ אויפ׳ן טיש צו צװײַ אין אַ צײל.

יעדעס מאָל אײדער ער האָט אַװעקגעלײגט אַ קאָרט, פלעגט ער זי אַ ביסעלע אײפהײבען, זעהן װאָס דאָרט איז און מיט אַ געמאַכטער קאַלטקײט פרעגט ער:

— װאָס האָט דאָרטען חברה?

— װאָס האָסט דו דאָרטען? — ענטפערט חברה מיט אַ פראַגע.

— מאָטעל, דו האָסט אַ צעהנטעלע פיק? — קעהרט ער זיך אום גלײַך צו מאָטלען.

— כ׳האָב, נו, איז װאָס?

— איז גוט.

— אי, לאַכמט עס?

— כ׳זאָג דיר גוט... פאַר אַנ׳אַנדערען — רײַצט זיך חיים.

און אַזױ צו יעדער קאָרט אַנ׳אַנדער הנמה.

װען ס׳איז געקומען צו דער נײַנטער קאָרט, האָט חברה באַלד געפּלאַצט פון אונגעדולד.

חיים האָט שוין געהאַפּט אַ קוק, װאָס פאַר אַ קאָרט דאָרט איז, ער האָט זיך אָבער נישט געאײַלט אײפצודעקען, אָנשטעלענדיג אַ תם׳עװאַטען פנים, האָט ער לאַנגזאַם געצײנען:

— נעהמט מיר אַרוי־אוים, נעה־עמט מיר אַרוי־אוים, אַ דעשעטע מיט ריי־אייז...

ער האָט שוין אָנגעהויבען זיין קינדער־ליערעל — האָט מאָמעל זיך פערקרימט.

— איצט איז דאָס שוין אַנ'עסק ביז טאָג, — גיעט איהם נתן האָפּנונג.

— וויין שוין, וואָס דו האָסט דאָרטען! — בעט מען איהם פון אַלע זייטען.

— נעהמט מיר אַרוי־אוים אַ גאָל־ענע מצבה־ע־יֶ־ע!

— דו הערסט איף צו ציהען די עצמות, צי נישט? — מאַכט חברה קולות.

— וואָס רייבסטו די צייט? — בעט איהם מאָטעל מיט גוטען.

— אין ווי״ם שפּיעלט מען דאָ — אין געלד, צי אין שפּענער — וויל איינער וויסען.

— וואָס אַהרט עס איהם? ער איז דאָך אַ געוואונענער — גיעט אַ צווייטער צו פערשטעהן חיים'ס אַכזריות.

— ער וועט שוין לאַנג וואַרטען, ביז מ'וועט איהם לאָזען נאָכאַמאָל האַלטען די באַנק! — סטראַשעט אַ דריטער.

חיים אָבער בלייבט קאַלט ווי אייז, און ציהט ווייטער:

— נעהמט מיר אַרוי־אוים אַ כשר'ע ספר־תורה!

די בעקאַנטע ווערטער „ספר־תורה״, האָבען ר' שלמה'ן צו זיך געבראַכט.

ערשט איצט איז איהם קלאָר געוואָרען, וואָס דאָ טהוט זיך.

ווי אַ שטורם־ווינד האָט ער זיך אַריינגעריסען אין סוכה, און אויסטיילענדיג פעטש רעכטס און לינקס, האָט ער געליאַרימט:

— אַ, איהר שקצים! עלבּרושים! טרפה'ניקעס! הולטייעס! אין קאָרטען שפּיעלען אום יום־טוב! אררוים פון דאַנען, איהר טרפה'נע בהנער! אייער פוס זאָל דאָ נישט זיין! אייך געקומען אין סוכה נעכטיגען, תכשיטים מיינע! אררוים! און מיט דיר, חיים'קע, וועל איך זיך בעזונדער אָברעכענען — האָט ער זיך אַ לאָז געטהון צו זיין בן־יחיד.

נאָר חיים איז געפאַלען אויף אַ שכל: אַ בלאָז מיט'ן מויל-
— און אין סוכה איז פינסטער געוואָרען.

און שפּרינגענדיג איבער טישען און בענקלעך, איז חברה
אין איין מינוט געווען אין דרויסען און ווייט פון ר' שלמה'ס
הויף...

# איבערגעשלאגען אין מיטען

---

דאָס גרעסטע פערגניגען פאַר יעפרעם גבריאָלאָוויטש איז געוועזען צו נעהמען צו זיך אַ גאַנצע מחנה יודישע סאָלדאַטען אויף יום־טוב און פראַוועץ די יום־טוב סעודות מיט גרויס פּאַראַד.

נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס פינף־און־דרייסיג יאָהר זענען שוין אַוועק זינט ער אַליין איז אַרויס פון סאָלדאַטשינע. נישט אַכטענדיג אויף זיין איצטיגע גרויסע עשירות, האָט ער נאָך, פונדעסטוועגען, אַלץ דעם טעם פון קאַזאַרמע נישט פערגעסען . . .

ער געדענקט נאָך גוט, ווי עלענד און פערוואָרפען ער פלעגט זיך פיהלען, ווען עס פלעגט איהם אין „פּאָכאָד" אויסקומען צו זיין יום־טוב ערגעץ אין אַ פערוואָרפענע רוסישע שטאָדט, ווייט פון יודען און אָבגעריסען פון יודישקייט.

זיצענדיג אַ יום־טוב־אָבענד אין דער האַלב־טינקעלער קאַזאַרמע און הערענדיג ווי די סאָלדאַטען ציהען דעם מאָנאָטאָנעם נגון פון דער נאַכט־תפלה „אָטשע נאַש", אָדער ליעגענדיג אין דער קליינער פּאַלאַטקע, דורך וועלכער אַ שפּאַרער רעגענדעל פלעגט אָהן אויפהער טריפען און דורכווייקען איהם ביז דעם מאַרך פון די ביינער, — פלעגט איהם באַפאַלען אַ טיעפע בענקעניש נאָך עטוואָס אייגענס און נאָהנטעס.

ער האָט ניט געבענקט נאָך יענער אַלטער היים פון זיין קינדהייט, וועלכע ער געדענקט קוים; ער וואָלט האָטש געוואָלט,

אין דעם דאָזיגען יום־טוב־אָבענד, האָט ביי אַ פרעמדען טיש זיצען חוץ פון ווייטען זעהן אַ יודיש הויז ווי עס שיינט מיט איהרע בעלויכטענע פענסטער און דער פינסטערער נאַכט אַריין... ער וואָלט געוואָלט האָבען שטעהן דרויסען און צוהערען זיך צום שעהנעם קידוש־ניגון; דורך אַ פענסטער זעהן די יום־טוב'דיגע, צופריעדענע פנים'ער...

און עפּעס אַזוי שווער און אומעטיג פלעגט, אין אַזעלכע אָבענדין, ווערען אויפ'ן האַרצען, — האָטש נעהם און לויף אַוועק, נאָך צוואַנציג יאָהר סלוזשבע, פון קאַזאַרמע... און מיט דער פערגריבטער, מאָזאָליסטער האַנד פלעגט ער ווישען די מונטערע טרעהרען, וואָס זענען שטיל געפאַלען. פון זיינע מידע אויגען, און געקייקעלט זיך איבער זיין פערברענטען און פערהאַרטעוועטען פנים...

און טאַקע ווייל ער געדענקט, ווי עלענד ער האָט זיך דאַמאָלס געפיהלט, — נעהמט ער איצט אויף יום־טוב אַזוי פיעל יודישע סאָלדאַטען, וויפיעל ער קען נאָר אין זיינע גרויסע צימערען צוזעצען.

נאָך אַ דריי טעג פאַר יום־טוב זאָגט ער אָן זיין אַלטיטשקער:

— גרייט אָן, מאַמושקאַ, דעם קעסעל, זאָלען די רעביאַטעס האָבען וואָס צו פּעמפּלען...

איבערהויפּט, האָט ער ליעב דעם יום־טוב סוכּות.

שוין אַ צוויי טעג פאַר סוכּות קען מען איהם זעהן, ווי ער שטעהט ביי זיך אויפ'ן הויף, אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצען „וזוואָד" יודישע סאָלדאַטען און פיהרט די קאָמאַנדע, ווי אַנ'אַלטער פעלדפעבעל אויפ'ן שלאַכט־פעלד:

— נו, רעביאַטאַ, צו דער אַרבייט! אָט — אַ — דאָ — אָ, וועלען מיר זי ראַזביוואַיען אונזער פּאַלאַטקע, די יודישע... — דעם זעלביגען אָרט, וואו פאַר אַ יאָהרען... ביים פענסטער... וועט זיין אוראָבנע צו פּאָלוטשייען די מיסקעס מיט די פּישטשע, העע, העע! ניע טאַק־לי?

טאַק טאָטשנאָ, יעפרעם גבריאָלאָוויטש! — ענטפערען די סאָלדאַטען פריילעך, וויסענדיג פון פאַר אַ יאָהרען, וואָס הייסט ביי יעפרעם גבריאָלאָוויטש זיין יום־טוב.

קומט יום־טוב, צווערצט ער צוויי צײַלען סאָלדאַטען פון בײַדע זײַטען לאַנגען טיש, זעצט זיך אַליין אויעק פון איין עק טיש, דאָס ווײַב — פון צווייטען זײַט, און עס היבט זיך אָן אַ סעודה.

קודם, מוז יעדערער מאַכען בעזונדער קידוש און דוקא אויסטרינקען דעם גרויסען בעכער ווײַן ביז׳ן דעק. דערנאָך הויבט מען אָן טראָגען אַזוי פיעל געריכטען, אַז די סאָלדאַטען קענען דאָס נישט גובר זײַן...

אָבער יעפרעם גבריאלאָוויטש גיעט שוין גוט אַכטונג, הבריה זאָלען אויפעסען אַלץ, וואָס מען דערלאַנגט צום טיש.

— נו, נו, שטעה נישט אָב, בראַט. רײַב די סעודה! — טרײַבט ער אונטער, ווי נאָר ער בעמערקט, אַז אַ יונגער, פערמאָרעטער סאָלדאַטעל עסט פויל.

— כ׳בין, יעפרעם גבריאלאוויטש, פול ביז אַהער — ווײַזט אָן דער סאָלדאַטעל ביז׳ן האַלז.

— ני־טשעוואָ! שווענק אַראָב מיט אַ גלעזעל קאָניאַק... נאַ!...

און האָט דער סאָלדאַט געוואָלט, צי נישט — האָט ער געמוזט יעדעס געריכט „אַראָבשווענקען" מיט אַ גלעזעל משקה פון דרײַ רביעית׳ן...

קיין זאַך האָט יעפרעם גבריאלאָוויטש אַזוי נישט פערדראָסען, ווי דאָס, וואָס הײַנטיגע סאָלדאַטען עסען ווייניג.

— וואָס זענען דאָס הײַנט פאַר אַ סאָלדאַטען?! — פלעגט ער מיט פערדרוס רעדען — פענדריקעס — נישט סאָלדאַטען!... ביוואַלאָ ט׳מאַכט אַ פיערציג־וויאָרסטיגען פאָכאָד אָהן אַ פריוואַל; געקומען צום פונקט אַזוי האַלאָדנע, אַז דו וואָלסט, הולט זיך, אַ געקאָכטע פאָדעשווע אויך געגעסען, ניע טאָ טשטאָ פאַרשיראָווענע פישו מיט צימעס... עך, ווי! וואָהין טויגט איהר?!

— אַז איהר גיעט אונז צופיעל, יעפרעם גבריאלאָוויטש! — פערענטפערען זיך די סאָלדאַטען.

קאַקאָיע־טאַם צופיעל! פראָסטאָ איהר זענט, איזוויניטע, פענדריקעס נישט סאָלדאַטען!

— אַז מיר קענען מעהר נישט — פלעגען זיך, נעבעך, די אָנגעהאָרעוועטע סאָלדאַטען בעטען...

אָבער יעפרעם גבריאלאָוויטש, האָט נישט געוואָלט וויסען

פון קיין תירוצים.

— עסט, עסט, רעביאטא, וועט איהר האבען כח צו שטארבען נא פאליע ביטווי.

די סאלדאטען פלעגען איהם צוליעב טהון און מיט די לעצטע כוחות עסען נאך און נאך א געריכט...

אז יעפרעם גבריאלאוויטש איז שוין רעכט פרעהליך, זוכט ער אים צווישען די סאלדאטען. ווער עס האט א מעהר אידרעלען פנים, און גיעט א זאג:

— א נו־קא, גאלובטשיק, רו זעהסט מיר אויס צו זיין אוטשאנע... אביאסניאיע מיר, אקארעט, א ביסעל פון די יידישע זאכען!...

— דער סאלדאטעל פערשעמט זיך א ביסעל פיהלענדיג אויף זיך אלעמענס בליקען און פרעגט:

— וואס זאל איך „אביאסניאיען"?...

— ני, גאפרימער, די זנאטשעניע פון דער סוכה...

— דאס איז, יעפרעם גבריאלאוויטש, א זכר צו די סוכ'ת, אין וועלכע יודען זענען געזעסען אין דער מדבר, ווען זיי זענען ארויס פון מצרים.

— עך, בראט, דו רעדסט עפעס אזוי טודרענא, אז איך קען דיך גארניט פערשטעהן...

— דאס איז, יעפרעם גבריאלאוויטש, א וואספאמינאניע פון די פאלאטקעס, וועלכע יודען האבען ראזביוואיעט אין דער צייט פון זייער פאכאד פון יעגיפעט — ערקלערט א צווייטער סאלדאט.

— אהא, אהא, פאנימאיו...

און קלערענדיג א ווייל, פרעגט ער ווייטער:

— נו, און וואס אבאזנאטשאיעט דער אתרוג מיט די ווערבעס, (ערבות). מיט די אדאשקעס (הדסים)?...

— דאס איז א סימן, אז יודען דארפען זיין צוזאמענגעבונדען אלע אינאיינעם, דרוזשנע, אזן הארץ...

יעפרעם גבריאלאוויטש טראכט ווידער א ווייל, א פריי מעך שמייכעל צוגיעסט זיך איבער זיין בגלופינ'דיגען פנים, און זיינע אויגען בעווייזען זיך א ליכטיג פינק'ל, און ער זאגט:

— טאק'ס, אזן הארץ... ווען איך בין יונג געוועזען, האב איך געהאט צוויי הערצער, איינס פאר מיידלעך, און איינס..

פאַר שיִקסעס, חע, חע, חע!... דאָ, בראַט, אַ סאָלדאַט געוועזן... ניִטשעוואָ ניע פּאָדיִעלאַיעש!

און פון זײַנע אײגענע שײַנט אַרוים דער נחת, וואָס ער האָט קוקענדיג, ווי זײַנע „רעביאַטאַ“ עסען און טרינקען און לאָזען זיך וואויל געהן.

---

אַזוי האָט זיך יעפרעם גבריאלאָוויטש געפראַװעט פון יאָהר צו יאָהר, ביז ס'איז אָנגעקומען אַ נײַער פּריסטאַוו.

דער נײַער פּריסטאַוו, אַ פערביסענער צורר היהודים, האָט בשום אופן ניִשט געלאָזען יעפרעם גבריאלאָוויטש'ען בויען די סוכה.

עס האָט ניִשט געהאָלפען קײן בעטען, קײן שתדלנות, קײן מתנות — נײן — „אָ ניִקאַקיִך“, זאָל ער צושטעלען אין אופראַווע אַ פּלאַן פון דער „זדאַניע“, וועט מען איהם אפשר געבען אַן ערלויבניש.

האָט זיך יעפרעם גבריאלאָוויטש געמאַלט ניִשט ווינסענדיג, און אויפגעשטעלט אַ סוכה אָהן אַן ערלויבניש.

אָבער ערב סוכות נאָך האַלבען טאָג, ווען ס'איז נאָר אײַנגעבליבען סך אַרויפצולעגען, איז דער פּריסטאַוו אַראָפּגעקומען מיט עטליכע גאָראָדאָוויע, און אָהן ווײַטערדיגע דיבורים געהײסען צעוואַרפען די סוכה, און געמאַכט נאָך אַ פּראָטאָקאָל אַלס זונאָב.

יעפרעם גבריאלאָוויטש איז געוועזען אויסער זיך פון כעס און הארצווערטאָג; ס'מײַטש, ער וועט ניִשט זיצען מיט זײַנע „רעביאַטעס“ אין דער יודישער „פּאַלאַטקע“?!

ער איז אײַנגעלאַגען הין און צוריק איבער'ן הויף אַ צעקאָכטער און ניִשט געפונען זיך קײן אָרט. נאָר מיט אַמאָל האָט ער זיך אָבגעשטעלט, האַסטיג אַ קוקער געטהון זיך צו דער קופּקע סאָלדאַטען, וואָס זײַנען געשטאַנען מיט אַראָבגעלאָזענע קעפּ און פרעהליך אויסגעשריען:

— ניע טוזשי, רעביאַטאַ! ניִשט געדאַנה'ט! ער לאָזט ניִשט רײַבױיאַיען די סוכה דאָ אין'ן הויף — נאַפּליעוואַט!... מיר'ן זי מאַכען ערגעץ אַנדערש... הײַדאַ, רעביאַטאַ, אויפ'ן

בּוידעם אין רייסט אַראָב אַלט אַרשין דאַך — אָט וועלען מיר האָבען אַ סוכּה!... מיין דאָס, מיין דאַך, — קיינער קען מיר נישט זאַפּרעשטשאַיען צו רייסען מיין דאַך!...

---

אין דעם זעלבען אָוועגד, איז יעפרעם גבריאלאָוויטש מיט זיינע „רעבּיאַטעס" געזעסען אויפ'ן בּוידעם מיט סכך, אָנשטאָדט דאָס אַראָבגעריסענע בּלעך, איבּער זייערע קעפּ, פרעהליכער, זיין שטענדיג, געפּראַוועט די יום־טוב־סעודה, און לוסטיג געמאַכט זיך, איבער דעם שפּיצעל, וואָס זיי האָבען דאָ אָבגעטהון דעם פּריסטאַוו.



# אויף איין מינוט.

זעטצען זיך גראָט שפּילען אין קאָרטען — דאָס זעט נתן דער תבואה־סוחר קיינמאָל ניט טהון. וואָרום געדייסען דאָס עס, אַז ער איז גאָר קאַלט צום ענין הקאָרטען, נור אַז צו אָקע שפּילען דאַרף מען דאָבען קאָפּ — דאָס האָט ער יאָ געהאַלטען.

קומט נאָך מעריב, געהט ער אַריין צו אריה־ליב פּראַקס־הענדלער טרינקען אַ גלעזעל טהע און שמועסען אַ ביסעל. טרעפט ער דאָרט גראָד אָן עטליכע בעקאַנטע יודען, בעלי־בתּישע יודען — וואַלד־סוחרים, תבואה־סוחרים, מעקלער — שפּילענדיג אין אַ אָקע.

שטעלט זיך נתן אַוועק בײ'ם טיש, נעהמט אַריין די לולקע מיט'ן לאַנגען ציבעק אין מויל אַריין, פּיפּקעט, קוקט אַריין כלומרשט קאַלטבלוטיג בײַ דעם, בײַ יענעם אין די קאָרטען, און, ניט אַרויסלאָזענדיג די לולקע פון מויל, וואַרפט ער אַריין:

— שגין, ניט קריעך, ער האָט מײַז!

אָדער:

— אָך אַ מאָל אומגעזעהען, עס־האַרץ! עס ציהט זיך בײַ דיר אַ נאַרט, שוטה!...

וואָס לענגער ער שטעהט, אַלץ מעהר פעררייסט זיך די עמי־הארצות פון די שפּילער, אַלץ אָפטער ווערען זײַנע עצות, אַלץ געדיכטערע וואָלקען רויך לאָזט ער פון זײַן לולקע, אַלץ שטאַרקער צופּט ער דאָס שוואַרץ־גרויליך בערדל ווערט אַלץ היציגער בײַזערט ער זיך.

— אין אָקעָ דאַרפט איהר שפּילען — די באָד דאַרפט איהר הייצען!

פערשטעהט דער עולם, אַז ס׳ווילט זיך איהם אַליין אויך צוזעטצען, נור זאָג עס איהם — וועט ער שוין צוויי שעה קיין האַנד ניט נעהמען. וואַרימט מען איהם אונטער פון דער אַנדערער זייט:

— ווי מען קען, אַזוי שפּילט מען.

מען קען! דאָס איז דאָך דער אומגליק וואָס איהר קענט ניט.

שמייכעלט דער עולם און שפּילט ווייטער.

— איי, האָט מען אייך געדאַרפט אָנלערנען! — גיעט נתן אָנצוהערעניש.

פערשטעהט דער עולם, אַז די שעת הכושר איז אָנגעָקיטען, אָבער מיט נתנ׳ען דאַרף מען וויסען ווי צו פיהרען, און איינער פון די „דענדי" וואַרפט אריין ניט קיקענדיג אויף איהם:

- טאָמער וואָלט איהר זיך אויך צוגעזעצט צום טיש, ר׳ נתן?

— ווייס איך! — גיעט ער אַ מאַך מיט׳ן האַנד, ווי ניט איהם מיינט מען, און קוקט בעת־מעשה אויף דער סטעליע...

— האַלט אונטער קאָמערציע, ר׳ נתן, — שטיצען אונטער נאָך אַ פּאָר.

— אָט מיט אַיינגלליך שנעקעס שפּילען אין קאָרטען, עט!

— איהר טהוט דאָך מיט אונז קיין שידוך ניט — בעט מען זיך ביי איהם.

— איהר וועט דאָך ביי מיר אָהן תחתונים אַוועק, בהמות וואָס איהר זענט! — סטראַשעט ער זיי פּלומרשט, און צימערט בעת־מעשה הכ־ה זאָל ניט איבערהערען בעטען איהם.

— אדרבא, אדרבא, ווייזט וואָס איהר קענט, לאָמיר מאַכן אויך זעהן — גיט מען איהם אונטער חשק.

— געדענקט־זשע, מלאָקאָסעס, איך וועל מיט אייך לערנען בלק! סטראַשעט ער צום לעצטען מאָל און זעצט זיך ווי ניט ווילענדיג צום טיש.

און האָט זיך נתן צוגעזעצט, איז דער עולם לעבעדיג געוואָרען, וואָרום געוואוסט האָט מען, אַז נתן איז ביי׳ם טיש

וועט די שפּיעל זיין אַ הייסע שפּיעל, ווייל ער איז אַ יוד, קאָ־
טאָרי אַ קערבעל שפּיעלט ביי איהם אין קאָרטען קיין ראָליע ניט.

---

זיטצען זיך אַזוי איינמאָל אין אַ ווינטער־אָווענד ביי אריה־
ליב'ן אַ קאָמפּאַניע איינענע מענשען, שפּיעלען „אַנ'אָקע גדולה״
און חידוש'ן זיך, צווישען איין מאָל און צווייטען מאָל טאַשען,
וואָס איז די מעשה וואָס נתן איז ניטאָ.

— אָהן נתן'ען איז די שפּיעל גאָר קיין שפּיעל ניט —
רופט זיך אָן אבנר דער סרסור, אַ נערוועזער בעל־הבית'ל מיט
אַ פלאַקסענער בערדעל.

— ער קען נאָך קומען — טרייסט איהם זעליג מיכל
מלכה'ס, אַ שאַפער אין אַ וואַלד.

— עט, אַזוי שפּעט!...

— שאַ, מען קלאַפּט! — האָט דער בעל־הבית אָנגע־
שטעלט די אויערען — כ'וועל מיך וועטען, אַז דאָס איז ער!

— אָט איז ער, בנאמנות! — האָט זיך דער עולם
דערפרעהט, ווען די טהיר האָט זיך געעפענט, און נתן, אין
גאַנצען פערשאָטען מיט שנעע איז אַריין אין צימער, — וואָס
עפּעס אַזוי שפּעט?

נתן האָט שווער אָבגעזיפצט.

— אַ קינד איז ביי מיר פלוצלינג קראַנק געוואָרען, בין
איך געלאָפען אין אַפּטייק... איינצושפּריצען ראַף מען עס אין
אַ מאַסטש איינצורייבען... זאָגט ער, פּיענטשקאָווסקי, „אין אַ
שעה אַרום״... האָב איך קיין געדולד ניט געהאַט צו זיטצען
אַ גאַנצע שעה און צוקוקען, ווי ער פּאַרקעט זיך דאָרטען ווי
אַ בלייענער פויגעל... בין איך אַריים...

— וועה צו מיר! — האָט קרייגע, אריה־לייב'ס ווייב,
אָבגעזיפצט, — צו ציטערינע קלעפּט זיך... מוטשעט זיך,
נעבעך, איהער פּעסיע, מיט די קינדער.

— וועט, אם ירצה השם, געזונד זיין — טרייסט איהם
דער בעל הבית.

— אַז ס'איז בעשערט אַ אומגליק, ווייס מען גאָרניט פון
וואַנען דאָס קומט. אויפגעשטאַנען אַ פרישע, אַ געזונדע, איי

מיט אַ מאָל — ברענט, ווי אַ פֿייער... נאַ, מען מוז געהן...

— וואוהין מ'איהר לויפֿען, וואוהין? איהר האָט דאָך נאָך כמעט אַ שעה צו וואַרטען.

— וועל איך צוּוואַרטען דרויסען...

— אין אַזאַ זאַווערוכע? ! אָט זעצט זיך צו אַ ווײַלע און טרינקט אַ גלעזעל וואַרימס. קריינע, גיעס אַן ר' נתן'ען אַ גלאָז טהע!

אבנר דער סרסור, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען, ווי אויף הייסע קוילען, האָט ניט אויסגעהאַלטען:

נו, גענוג צו רעדען... טאַשט די קאָרטען... און איהר, ר' נתן, זעצט זיך אויך צו אַ ווײַלע און צושלאָגט זיך די רעיונות...

וואָס רעדט ער עפּעס? ! אַ שעהנע צייט געפֿונען פֿאַר מיר צו שפּיעלען אין קאָרטען... דער קאָפּ איז מיר, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, צודרעהט, איך ווייס אַליין ניט וואו ע-ע-ע..

— ע, זייט אַ מאַנסביל! — האָט פּישקע דער וואַלד-מעקלער אונטערגעשטיצט — איהר דאַרפֿט דאָך ביי-ווי-סט וואַרטען אויף דעם רעצעפּט, נעהמט-זשע, אדרבה, אַ קאָרט, וועט אייך גיכער פֿערבייַלויפֿען די צייט...

וואָס זענט איהר עפּעס משוגע צי חסר דעה, מיינע שונאים! עס מישט זיך מיר, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, אין מוח, אַז איך מיין כ'ווער משוגע, וועל איך זיך גאָר אַוועקזעצען שפּיעלען אין קאָרטען... מ'איהר געהערט? — מ'נאַ!..

אָבער נאָך דעם בליק, וואָס ער האָט געוואָרפֿען אויף די קאָרטען, האָט דער עולם געזעהן, אַז נאָך אַ ביסעל — און ער וועט זיך לאָזען איבערעדען...

און אבנר סרסור האָט ניט אָבגעלאָזען:

— אויב אַזוי, ר' נתן, מוזט איהר מאַקי נעהמען אויף אַ ווײַלע אַ האַנד... אַז ניט קען מען דאָך באמת, חלילה, פֿון זינען אַראָב!..

נעהמט אַ האַנד, ר' נתן, עס פֿעהלט אַ זעקסטע האַנד... ס'איז דאָך נור אויף איין האַלבע שעה... צושלאָגט זיך אַ ביסעל די רעיונות...

— כ'וועל זיך צוזעצען אויף איין מינוט... שפּיעלען

מיט אײַך אַ צווײ דרײַ קאָנען . . . — האָט נתן שױאַך אױסגערעדט...
און ניט אַראָבנעהמענדיג דעם פוטער מיט די קאַלאָשען האָט ער זיך צוגעזעצט צום טיש . . .

---

צװײ בײַנאַכט, דעם פוטער אונטער זיך, דאָס היטעל פערוקט אויפ'ן שטערען, אין די אויגען אַ לויפענדיג פײַערעל, דאָס פנים פערפלאַמט, זיצט נתן, ציהט דאָס שװאַרץ-גרויליך בערדיל און זינגט אויס מיט אַ גמרא-ניגון :

— משלמ'ן, צי ניט משלמ'ן? וואַרט-ושע . . . זאָל איך זאָגען ער האָט נײַנער, האָב איך איהם דאָך נײַען קלאַפּטער אין דער ערד . . . אלא, וואָס דען? וואָס — וואָס דען? טאָמער האָט ער צו זעכט-לעך? — איז ראשית איז דאָך צעהנטעל דרײַן אַרויס . . . אַי, טאָמער וואָס? — טאָמער האָט ער געהאַפּט די לעצטע צעהנטע-לע? — איז ניט שפּיעל אין קאָרטען און ניט וועה אָן קײן געלד!. — האָט נתן אויסגעלאָזען מיט אַ ניגון פון „תיקו“ און האָט בעצאָהלט.

— ר' נתן, געהט אַהײם! — האָט איהם די בעל-הבית'טע דערמאָהנט צום צעהנטען מאָל.

— אָט באַלד, אָט באַלד . . . אָט נור דעם איין קאָן.

— געה שלאָפען, וואָס אַהרט דיך — האָט זיך אריה-לײב אָנגעבײזערט אויף זײַן ווײַב — און וואָס האָט מען? — האָט ער רוהיג אַ פרעג געטהון נתנ'ען.

— מען האָט „שוסטער“ — מאַכט נתן מיט אַ וואונק.

— „שוסטער“ טויג ניט. קריעכט העכער . . .

— ר' נתן, מען וועט דאָך ניט וויסען, וואָס איבער-צוקלעהרען אין דער היים . . . — האָט די בעל-הבית'טע ניט אָבגעלאָזען . . .

— אָט שוין, אָט שוין . . . איין מינוט . . .

— „שוסטער“ זאָג איך אײַך איז ווענינ — דערמאָהנט איהם אריה-לײב.

— וואָס איז, וואָס האָט איהר אַזוינס, „בתולות“?

— און דרײַסיג, ווילט איהר ניט? . . .

— וועלכע דרײַסיג?

— ס׳פֿערשטעהט זיך — „קאָזיאָנגע״ . . .

— דרײַ צעהנטעלעך ?! . . .

— או־הו . . .

— אײַ, אַ פֿײַער זאָל אין די קאָרטען אַרײַן! — איז נתן צוקאָכט געוואָרען און אַ זעטץ געטהון די קאָרטען אָן טיש, — ט׳איהר געזעהן אַנ׳אַקציע אַ ביסעל ?! טאָמער קריעג איך איין מאָל אין אַ שמיטה אַ רעכטע קאָרט, דאַרף ער קריעגען אַ פּעסערע! . . .

— ר׳ נתן, אײַער קינד איז דאָך חריב . . . גאַהט נעהמט אָב דעם רעצעפּט און לויפֿט אַ היים . . .

— אָט נאָך אַ קאָן . . . כ׳מוז זיך דאָך אָבשפּיעלען . . .

אַ אײַנגענס מיט געלד פֿערשפּיעלט . . . טאַשט, טאַשט! . .

— גאַה, קרײַנע, שלאָפֿען און דרעה קיין קאָפּ ניט! . .

---

ווײַנער פּינק פֿאַרטאָג, ווען נתן איז געזעסען איבער אַ „שווערען לײַענען״, צי זאָל ער בעצאָהלען אַ רובעל מיט אַ פֿערטעלע אויף „איין־און־דרײַסיג״ צי ניט, — האָט זיך דער־הערט אַ קלײַפּערײַ אין לאָדען און אַ יונגעלישער ווײַנענדיגער קול האָט געפֿרעגט:

— אפשר איז דאָ מײַן טאַטע ?. . . אפשר ט׳איהר געזעהען מײַן טאַטען ? . . .

— מײַן יונגעל! — האָט זיך נתן אַ כאַפּ געטהון — לאָזט איהם אַרײַן . . . גיכער! . . אוי! . .

אריה־לײַב איז געלאָפֿען צום טהיר.

דער יונגעל איז גלײַך צוגעלאָפֿען צו נתנ׳ען, גענומען צי־הען איהם פֿאַר׳ן אַרבעל און ווײַנען!

— טאַטע, קום גיכער אַ היים . . . ציפּקע . . . ציפּקע׳ן איז שלעכט . . . די מאַמע הלש׳ט . .

— האַ, וואָס ?! . . ציפּקע . . אַ פֿערטעלע . . ערגער . . .

אוי, וואָס׳ר אַ גזלן איך בין! . . קום, קום . . . וואָס האָט איהר נײַנער צי מלכות ?. . קום, זימעל, גיכער! . .

און אַ כאַפּ געבענדיג דאָס יונגעל פֿאַר׳ן האַנד, איז ער האַסטיג אַרויסגעלאָפֿען פֿון שטוב.

# זרח און בולאַני.

פון איין זייט גאַס שטעהט אליה־לייב מילנער׳ס פערד־מיהל; פון צווייטען זייט גאַס, געגענאיבער — האַלפּערינ׳ס דרוקעריי.

די ראָד אין מיהל און די ראָד אין דרוקעריי, דרעהען צוויי זקנים: אין מיהל — בולאַני; אין דרוקעריי — זרח.

געפאַלען אויף דעם לינקען פוס פון פאָרענט און אויף דעם רעכטען — פון הינטען; אַ רוקען, ווי ביי אַ קעמעל; איין אויג אונטער אַ בעלמע, די צווייטע — אַ פערגלאָצטע; אַ קאָלטען אַנשטאָט אַ גריווע, אַנ׳עק קורץ און שיטער, אַ פעל, וואָס האָט דעם קאָליר פון אָבגעסמאַליעטע שטרוי, און מיט אַ פּאָר פערעלטערטע וואונדען ביים האַלז; אַ מאַלכּות־אָראָבגעהאָנגענע אויסגעדאַרטע ליב, און וועלכער ס׳דריקט זיך אויס דאָס גאַנצע עלענד, וואָס ס׳איז איהם פערבליבען בירושה פון צעהן דורות האָראָפּאַשנע פערד ביי יודישע בעלי־עגלות, וואַסער־פיהרער און זאַמד־פיהרער, — דאָס איז בולאַני.

הויך און ביינינ; אַ פנים, ביז די סאַמע אויגען בעוואַקסען מיט אַנ׳אײנגעלומפערט געלבגרויער באָרד, אַלט־אויסגעלאָשענע, שטענדיג־טרעהרענדע אויגען, טיעף אין קאָפּ פערזונקענע און בעהאַלטענע אונטער געדיכטע נידריג־אַראָבגעהאָנגענע ברעמען, דאָס לינקע היפט־ביין שטאַרק בולט — אַ זכר פון אַ קאָנטוזיע — ; אַ טראָט פון אַ אויסגעהאָרוועטען פערד, וואָס איז געפאַלען אויף אַלע פיער, און מיט דעם שטעמפּעל פון דרייסיג יאָהר קאַזאַרמע אויף זיך — דאָס איז זרח דער יון.

שווער צו זאָגען, ווער פון זיי האָט אַ שווערער׳ן עלטער:

זיך צו בולאַני,

יעדען פריהמאָרגען פיהרט אליה־לייב אַרויף בולאַני׳ן אויפ׳ן מוהל־ראָד בינדט איהם צו צום „זשאַלאָב" מיט היי, לאָזט די ראָד און זאָגט יעדעס מאָל דאָסזעלבינע:

— ביזטו אַ נבלה, טו גייה אויפ׳ן „טאָפּטשאַק" — — —

הויבט בולאַני אָן געהן און עסען, עסען און געהן... ווערט איהם דאָס געהן נמאס פריהער, ווי דאָס עסען; וויל ער זיך אַ ווײַלע אָבשטעלען און אַ קײַ טהון מיט אַ רוהיגען קאָפּ; מאַכט ער אַ שרײַ נערוועזער צום „זשאַלאָב" — דער לעצטער „טראַט" — קלערט ער... און מײַנט דאָרט צו פערבלײַבען, — נעהט דאָס ראָד אַוועק פון אונטער זײַנע פיס... וויל ער האַטש אויף איין רגע שטעהן בלײַבען און אַ טראַכט טהון: „וואָס טהוט זיך דאָ?" — ציהט איהם די שטריק פאַר׳ן קאָפּ. — געהט ער ווײַטער, און געהט, און געהט... דער אָטעם ווערט קורץ, די זײַטען הויבען זיך, ווי בלאָז־זעק, די פיס דינען ניט, דער קאָפּ דרעהט זיך, — און אָבשטעלען זיך — קען ער ניט...

„נעהמען וואָס אין מויל, אונטערקרעפטיגען זיך" — איז דערויף איך קיין כח נישטאָ. ער ציהט זיך צום „זשאַלאָב", נעהמט פיעל מעהר מיט די ליפּען, ווי מיט די צייהן, אַ מויל־פול טרוקען־פערשטויבטע היי, קײַט עס אָהן טעם, האַלב פערשיטענדיג אויפ׳ן ראָד, וואָס דרעהט זיך און דרעהט זיך און דרעהט זיך אינטער זײַנע פיס, און לאָזט איהם ניט אָבשטעלען זיך. — —

גראָד געגען איהם, אונטער׳ן סאַמע דאַך איז פאַרהאַן אַ קליין פענסטערעל, אין גאַנצען מיט מעהל־שטויב בעשאָטען. דורכ׳ן פענסטערעל זעהט זיך אַרויס אַ ברעקעל הימעל, וואָס קרינגט דורך איהם אַ בלײַ־קאָליער. קוקט בולאַני מיט זײַן פערטרערטען אויג אויף דאָס גרויע הימעל־פלעק, און ס׳דוכט זיך איהם, אַז דאָס איז דער פּאָטשטאָווער טראַקט, וואו ער איז אַמאָל מיט אַ פיער־ריבינעס קאָפּ געלאָפען, פרעהליך געקלונגען מיט׳ן גלעקעל; געגעבען האָבער אויף די סטאַנציעס... שפּעטער אַ וואָגען מישא געפיהרט. איך ניט שלעכט געוועזען: געוועהן גרינגע פעלדער; מהיילימאָל, פאַרבײַגעהענדיג, טועם געוועזען אַ זאַפטיגעס גרעזעלע.. אפילו ווען ער האָט דאָס פאַס וואַסער געפיהרט, איז איך בעסער געוועזען: אַלע ווײַלע אָבגעשטעלט זיך... ס׳האָט זיך געמאַכט —

אַ יונגעל האָט מכבד געווען מיט אַ ביַיזאַלצענעם שטיקעל-ברויט... צו דאָ — גערה, גערה און גערה...

און אויף בולאַני'ן פאַלט אָן אַ שלעפעריגקייט... די אונ-גערישטע ליפּ ווערט נאָך מעהר אָבגעלאָזען, און אַראָב פון איהר ציהט זיך אַ דינע, קלעפּיגע סליונע, רייסט זיך אָב און מיטוועגס צום ראָד, די אונטערשטע העלפט פון דעם סליונע-פאָדים פאַלט איהם אויף דער פלאַטשיגער קאַפּיטע, די אויבערשטע העלפט שפּרינגט, ווי אַ נאָכגעלאָזטע פּרוזשינע, צוריק צום ליפּ אַרויף...

און אַ געשמאַקע מידקייט ציגיסט זיך אונטער'ן פעל, ג'ווילט זיך האַפּען אַ דרימעל האַלב שטעהענדיג... איין מינוט — ניט מעהר... די אויגען מאַכען זיך צו ניט-ווילענדיג, די פּיס גליַיבען שטעהן מאָדנע פונאַנדערגעשפּרייט, און גלייך דערפיהלט ער: די שטריק רייסט איהם די אָדערן פון האַלז... חאַפּט ער זיך אויף אַ צושראָקענער, ניסט דריי מאָל אָב, וויל כלומרשט ' אַ הירזשע טהון, נאָר ס'קומט ביי איהם אַרויס אַ מין הייזעריגער הוסט... גיט ער זיך אַ טרייסעל — אויפצומונטערן זיך — און נעהט וויַיטער, און געהט, און געהט...

* *

*

נאָר טאָג, שטעלט זיך זרח דער יון ביַים ראָד פון דרוק-מאַשין און דרעהט דאָס ראָד, און דרעהט, און דרעהט...

פריהמאָרגענס איז ער, ווי אַ הילצערנער: מיט קיין גליעדער גיט צו ריהרען. הענד און פיס ציטערן, די אַלטע וואונד אין היפּט-ביין דערמאָהנט אָן זיך, דער קרייץ טהוט יוצא ביַים אייַנביי-גען זיך, יעדער דרעה מיט'ן ראָד צושיקט פונקען איבער היפּט און רוקען... קלערט זרח, ער וועט זיך פונאַנדערוואַרימען, וועט איהם גרינגער ווערען: נעהמט ער שנעלער דרעהען דאָס ראָד, ווערט ער גיך אויסגעמאַטערט. דאָס האָריגע, צוהראַבניעטע האַרץ ווערט בעדעקט מיט שווייס, אַרויף און אַראָב גיהען פון פאָרענט די אַקסעל-ביינער, און פון הינטען — די לאָפּעטקעס; ווי שטריק ווערען די אָדערן אויף די נאַקעטע הענד און אויפ'ן אָפּענעם האַלז; ווי פייער ברענען די מאָזאָליעס אויף די הענד אונטער'ן

הילצערנעם גלאַט־גראַנציגען הענטיל פֿון דעם מאַשין־ראָד; דן קניה זענען ווי פרעמדע, און דאָך — וועהטאָגען זיי... די אויגען ווערען ווי ניט ווריגע וואַסער בעגאָסען און קריכען פֿון קאָפּ אַרויס... ווייל זרח אָנהייבען דרעהען לאַנגזאַמער, לאָזט ניט דאָס יונגעל וואָס לעגט די בלעטלעך אויפ׳ן דרוק־מאַשין.

„דרעהט, ר׳ זרח, דרעהט, שלאָפט ניט“.

און דער יונגער יונגעל אין דעם בלויען העמדעל שטעהט אין לעגט מיט פֿלינקע פֿינגער די ווייסע בלעטלעך אויפ׳ם שוואַרצע שטיין־ברעטעל פֿון דער דרוק־מאַשין. — זיננענדיג און פֿייפֿענדיג געהט ביי איהם די אַרבייט.

אַז מען קען מיער ווערען — פֿערשטעהט ער ניט. —

פֿון אַ וויילע אָבשטעלען זיך טראַכט אפילו זרח ניט, דרעהט ער ווייטער דאָס ראָד, און דרעהט, און דרעהט... און עס דרעהט זיך די שטוב אַרום איהם, אין די מאַשין, און דאָס בחור׳ל ביי איהר... חיים מערט אַרום די אויגען. אין די שלייפֿען קלאַפּט, אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך עפּעס... קוקט ער אויפ׳ן זינגענדיגען בחור׳ל און, ווי אין חלום, דערמאָהנט ער זיך: אויך אַמאָל יונג געווען... נאָך אַ קלענערער, אַ באָרפֿוסער יתומ׳ל, האָט מען איהם געפֿיהרט אין באָד... האָט זיך געוואָלט טרינקען... האָט מען געגעבען שנאַפּס... גאָר שמד׳ן זיך... מ׳האָט די שטריק אָבגעשניטען... איז איהם געגאַנגען בלוט פֿון האַלז... ציילען סאָלדאַטען געהען... עס פֿלישטשען פּיקעס אויף דער זון... טרינקען פֿון בלאָטיג טייכעל לאָזט מען ניט... „הורראַאַ!“ — שרייט מען... פֿלעזנע געגומען... בראָנפֿען גיט מען... חתונה געהאַט... אַ געזונטע מיד ציפֿע געווען... וואָס איז 40 קאָפּי־קעס אַ טאָג?.. קום אוים דערמיט! גוט, ס׳איז קיין קינד נישטאָ. און אפשר וואָלט עס וואָס איינגעבראַכט... די עלטער פֿערגריני־גערן... אַ — אַ —, ווי ס׳שלעפּערט זיך... נו נו, לעבעדיגער, „פּאָרסיראָוואַני מאַרש.“...

און ער טרייסעלט זיך אויף, אויפֿצומונטערן זיך, און דרעהט ווייטער דאָס ראָד, און דרעהט, און דרעהט...

* *

*

פאַרנאַכט, ווען בולאַני טופּעט זיך שוין אויפ'ן ראָד, ניט וויסענדיג אויף וואָסער וועלט ער איז, — נעהמט איהם אריה-ליב אַראָב פון ראָד, און לאָזט איהם אַרויס אויפ'ן הויף.

ווי נאָר פון מיהל אַרויס, אַזוי פאַלט בולאַני, ווי אַן אָנ-אונטערגעהאַקטער, מיט אַ גליעדער ניט צו ריהרען.

שוואַרץ-גרויע קראָהען קלייבען זיך אַרום איהם, ווי אַרום אַ נבלה; גריבלען זיך קאַלטבלוטיג מיט די טעמפּע שנאָבלען אין זיין קאָלטען, זוכען אַ קערענדעל צווישען די שמוציגע האָהר פּיי זיין אויסגעקראַבענעם עק...

שפּערלינגע-גנב'טעם טאַנצען חוצפּה'דיג איבער זיין בוניגען קערפּער: פּיק-פּיק מיט די שנעבעליך, אפשר האָט זיך אָן איהם וואָס אָנגעקלעפּט, חאַטש פּעטע מיסט אַ ברעקעלע, מיט וואָס מען קען זיך אָדער די עופה'ליך אין נעסט דערקוויקען...

און ער ליעגט, ווי אַ נע'פגר'טער... ס'ווילט זיך טהילבאָל אַ דרעה טהון מיט'ן קאָפּ: „אַוועק שקצים!", אָדער ווען זיי דערקוטשען שטאַרק — אַ שמיץ געבען מיט'ן קירצען עק, — איז קיין כח נישטאָ... זאָלען זיי זיך גריבלען; שטיינס געזאָגט, האָם זיי וועלען שוין געפינען דאָרט...

* *

*

פאַרנאַכט, שלעפּט זיך זרח אַ היים אַ ציבראַכענער, ווי נור אין שטוב אַריין, אַזוי פאַלט ער, אַנידער, ווי אַ סנאָפּ. אין אַ מינוט שפּעטער חראָפּעט ער שוין... גרויסע, פעטע, שוואַרץ-בלויליכע פליגען קלייבען זיך אויף זיין בעוואַקסענעם פּנים, פּלאָנטערען זיך אין זיין באָרד, קוקען אַריין אין די ברייט-אָפענע, האָריגע נאַזלעכער, זשומען איבער זיין קאָפּ, טהוען, וואָס זיי דאַרפען, אויף זיין צוקנייטשטען שטערן, נור ער פיהלט עס ניט...

וועקט איהם ציפּה: „שטעה אויף מעריב דאַוונען; נעה עס

העטשערע״. אָבער ער שלאָפט, װי א דער׳הרג׳עטער...

ניט זי א מאָך מיט׳ן האַנד, שלעפּט אַראָב פון זײַנע פיס די שװערע שטיװעל און לאָזט איהם ליגען אזױ, ביז די זון געהט אויף דעם אַנדער טאָג...

* *

*

פרײַטאָג נור װערט בולאַני חי נײַ־אויפגעלעבט.

שוין פריה האַלבען טאָג נעהמט איהם אַלײן אַראָב פון ראָד, ניט איהם אַ פּאַטש איבער דער דאַרער לאָפּעטקע: „הולײַ, דײַן העלט איצט, װײס אויך, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ שבת אויף דער װעלט״... זומערצײַט פיהרט ער איהם צום טײַכעל זיך אויסבאָדען, אַ מאָל קאָמט ער איהם אָב מיט אַ פּאָר עמער קאַלט װאַסער. נור אַפילו אַ װינטער־פרײַטאָג איז אויך ניט שלעכט; פרײַטאָג איז בולאַני נישט אַזױ אויסגעמאַטערט װי אין מיטען װאָך, געהט ער אַרום אויפ׳ן הויף, לעגט זיך אַנידער אויף דער ערד און מאַכט אַ פּערװוך אויסצוקײַקלען זיך: אַ דריגע מיט די פיס אין דער לופטען, אַ דרעה מיט׳ן קאָפּ, װי ער װאָלט געװאונקען װעמען, װיס דאָס דאַרף איהם העלפען איבערקערען זיך אויפ׳ן צװײטען זײַט. נור די אַלטע בײנער װעהטאָגען, די פיס דינען ניט, עס קײַקעלט זיך ניט...

און נאָך אַ קורצע צײַט אומזיסטע מאַטערניש, שטעהט ער אויף פאַװאָלינקע, שטאַרק הירזשענדיג, אַזױ װי ער װאָלט זיך יאָ רעכט דורכגעקײַקעלט זיך, און נעהמט גלאַסען דאָס כאָהל אונ־טערען ראָד, אײן מאָל פאַר אַ גאַנצע װאָך ניט אויסרוהען און אָבעסען.

* *

*

פרײַטאָג נאָך דאַלבען טאָג פיהלט זיך זרת, װי אַ נײַ געבױ־רענער: זײַנער צװײ — גרייך פון דרוקאַרניע אין באָד אַרײַן, פער־קרײַכט זיך אַוױש אויף די כאַטע דױבע פּאָליצע, טרײַבט אַרױס

מיט׳ן בעזים דעם רעוומאַטיזם פון די ביינער, צופארעט די מאַ־זאליעס איף די הענד און פיס, וואַשט פון זיך אראב דאס בלוט און שווייס׳ מהיילמאל פערגינט ער זיך עטליכע געהאקטע באנקעס שטעלען איפ׳ן פאַטעליצע... און ער קומט אַרויס אַ צופריהעטער, אַנ׳אָבגעפרישטער, אַ יונגער — חאָטש אין „אַטאַקע„ גיה...

ווען בולאַני עסט מיט אַ רוהיגען קאָפּ דעם האָבער, וואָס אליה־לייב האָט פון זיינטוועגען אַ גאַנצע וואָך, הויפענט־ווייז, געשעפט ביי די פויערים, וואָס קומען מאָהלען קאָרן, — זיצט זרח אַ פֿאַרבאָרגענער אין דער צימער־פאַרע און דאַנקט גאָט אין האַרצן, וואָס ער האָט איהם געגעבען כוחות געגען שכר ביי־צושטעהן, און אַ יוד צו בלייבען. — אַ יוד, וואָס ווייס דעם עונג פון שבת־רוה...

און עס שטעהען ווידער אָן די וואָכען־טעג, און בולאַני און זרח נעהמען אויפ׳ס־ניי יעדערער צו זיין ראָד...



# מאטע ישוב׳ניק.

---

אין גאנצען דארף איז צו מאטע׳ן קיין גלייכען ניט געווען־
הייו קאסען, צי א וואגען זאנגען אנלעגען, האקען בוימער אין
וואלד, אנעהמען אנ׳אקם פאר די הערנער און א ווארף טהון צו
דער ערד — דערויף איז מאטע געווען דער גרעסטער בריה.

אין דעם געזונדען אכצעהן־יאהריגען בחור מיט די שטאר־
קע הענד און פיס, מיט׳ן גרויסען קאפ, וואס זיצט פעסט אויף
די ברייטע פלייצעס, מיט דעם פערברענטען פרעהליכען פנים
און לעבעדיגע אויגען, איז שווער געווען צו דערקענען א יודען.

צוגלייך מיט אנדערע שקצים פון דארף, האט ער געאר־
בייט אין פעלד אדער אין וואלד, געטראגען זיך רייטענדיג אויפ׳ן
פערד פון היי־פעלד צום שייער, פון שייער צום בוריקעס־גאר־
טען, איבערוואַרפענדיג זיך מיט א פאר ווערטער מיט שקצים
ביים זייט וועג, פערטשעפענדיג א שיקסע מיט׳ן בייטש, לאבענ־
דיג בעת־מעשה הויך און הילכיג...

מאטע איז אויסגעבונדען מיט יעדערען צעהן מייל ארום,
און אין דארף וואלט יונגווארג פאר איהם אין פייער און אין
וואסער געגאנגען.

אין אבענד, ווען שקצים פאהרען ארוים מיט זייערע פערד
אויף „נאטשלעג״ (נאכט-פאשע), שטעלען זיי זיך אב נעבען
לייב קרעטשמער׳ס שטוב, און שרייען אריין דורך דעם אפענעם
פענסטער:

— הע, מאטיא, פזזהרסט אויף „נאטשלעג״? פאהר,
ברודער!...

חברה שקצים ווייס, אז מיט מאטע׳ן וועט די נאכט גיכער

איבערלויפען: ער איז אַ „הראַמאָטנער" און קען דערצעהלען וואונדער־מעשה׳לעך אַזעלכע שיינע און שרעקליכע... און האָט פאַר׳ן „ליעסנאָי" (וואַלד־שר) אויך קיין מורא ניט.

עס מאַכט זיך אַ פינסטערע נאַכט, אַ טומאַניגע. די פייכטע צווייגען פאַטשען איבער׳ן פנים, און מאַכען דעם וועג אין וואַלד שווער און אומאַנגענעהם... קלייבען זיך שקצים אויף צוזאַמען, צעפיהרען אַ פייער, און זיינען פון די ברענענדיגע צווייגען קלייבט זיך אין אַ רעכטע בערגעל קויהלען אין אַש, רוקען זיי אַריין אין דעם הייסען אַש עטליכע היטעל קאַרטאָפעל, צולעגען זיך אַרום פייער, טוליען זיך איינער צום צווייטען, הערען זיך צו, ווי די פערד שפרינגען ערגעץ ווייט, בריקענדיג מיט די פערערשטע געפענטעטע פיס, און הערען, האַלב־דרעמענדיג, די שרעקליכע מעשה׳לעך וועגען רוחות און וואַלד שדים...

דאָס רוב דערצעהלט מאָטע:

וואַטשנע, איינגעהאַלטען און געהיימניספאָל קלינגט זיין שטימע; די צוהערער׳ס פנים׳ער, פון גליהענדען פייער בעלויכטען, בעקומען אַ קופּער־גלאַנץ, דער אָבשיין פון פייער שפּיגעלט זיך אויך אָב אין די צושראָקען־אָנגעשטרענגטע אויגען...

מאָטע ליעגט אויסגעצויגען, אויפ׳ן בויך, די הענד אונטערגעשפּאַרט אונטער ביידע באַקען, קוקט מיט פערחלומ׳טע אויגען אין די גליהענדע קויהלען, ווי ער וואָלט דאָרט געזעהן די רוחות פון זיין מעשה׳לע, און ציהט ניט איילענדיג:

— — — — זעהט דער יוד, עס ליעגט אַ קאַלב אויפ׳ן וועג... אַ געבונדענער קאַלב... איהר הערט, חלאָפּצי?.. קלערט ער: גאָט האָט מיר אַ מציאה צוגעשיקט... האָט ער עס אויפגעהויבען און אַריינגעלעגט אין וואָגען... — הע, מיטיוכאַ! שלאָף ניט — ... און פאָהרט ווייטער... און פאָהרט, און פאָהרט, און פאָהרט און שטעהט אַלץ אויף איין אָרט... זעהט, קלעהרט דער יוד, מיר ווייסען מיט וועמען מיר האָבען דאָ צו טהון... נעהמט ער, דער יוד, הייסט עס, און...

— צלמ׳ט זיך איבער!.. — חאַפּט אונטער אַ בלאָנדער שגץ מיט צושראָקענע אויגען.

— אַך, טי באַראַניאַ גאַלאָוואַ! — נעמט זיך מאָטע אַ בייזער — אַ יוד צלמ׳ט זיך? אַ יוד האָט אַ „מאָליטווע" אַזאַ...

— און עס העלפט ?!.. — וואונדערט זיך דער שניץ.

— אָהאָ! — מאַכט מאָטע — דאָס...

— דערציעהל דעם סוף, מאָטיאַ. — שלאָגט איהם איי־בער אַ סקולאַסטער שניץ מיט פלאַקסענע האָר.

— איז דאָס קאַלב אַרויסגעשפּרונגען פון וואָגען און צו־לאַכט זיך: „חאַ־חאַ־חאַ“!.. און ניט געוואָרען...

— פון דער מאָליטווע ?!..— גלויבט זיך די שקצים ניט..

— פון וואָס דען ?..

— „ער“ — בעשליסען צוויי שקצים מיט אונרוהיג־צו־שראָקענע אויגען...

— ש־ש־ש!.. — בייזערט מען זיך אויף זיי פון אַלע זייטען — דערמאָנט ניט ביינאַכט...

שטיל בלייבען אַלע ליעגען. מען האָט מורא מיט אַ גליעד אַ ריהר צו טהון... עס דוכט זיך זיי, אַז „ער“ שטעהט הינטער די פּלייצעס און אָט גיעט ער אַ פּאַטש מיט די פליעגלען און צולאַכט זיך מיט אַ ווילדען געלעכטער... איין מאָטע נור קוקט רוהיג ארום זיך, און דערזעהענדיג, אַז די פערד האָבען זיך דערווייל צובראָדיעט איבער'ן וואַלד, גיעט ער זיך אַ חאַפּ:

— העי, הלאָפּצי, די פערד טרייבט אויף!

און אין איין מינוט איז ער אויף די פיס און ווערט פאר־שוואונדען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט. פויל און לאַנג־זאַם הייבען זיך די שקצים אויף נאָך איהם און לאָזען זיך איבער'ן וואַלד אויפזוכען די פערד.

און פון ווייטענס הערט זיך מאָטעס יונגער און זיכערער קול:

— העי, פעטיוכאַ, פערגעה ליקנס!.. וואַניוכאַ דיין סיווע האָט זיך פערפּלאָנטערט אין „אָרעשניק“!.. אַ—העי—ער! הו—הו—אַ—אַ—אַ!...

אין אַ דושנעם זומער־פערנאַכט, ווען שקצים צוזעצען זיך אויף די פריזבעס און שיקסעס שטעלען זיך אַרום זיי ארום, און זינגען אַלע אינאיינעם איין ליעד נאָך דאָס צווייטע, אַזעלכע האַרציגע, בענקענדיגע, מיט וועהטאָג און טרויער דורכגעוועבטע ליעדער, וואָס דרינגען אַריין אין דער נשמה און רופען אַ זיסע אומעט אַרויס, אָדער ליעדער פריי־לוסטיגע, ברעגלאָזע און ברייט־

טע, ווי די כמַעפּעס, וואָס ליעגען צושפּרייט הינטער'ן דאָרף, ליערער, פון וועלכע די פיס הייבען זיך ניט ווילענדיג און אַלע אברים בעוועגען זיך, — איז מאָטע אויך אין דער מיט...

שטאַרק און הייך צוגיעסט זיך זיין יונגע שטימע אין דעם שטילען זומער=אָבענד:

„אָי, פּאָלאָלאַ דיוויטשינאַ לאָבאָדו"...

און דער באַר שקצים מיט שיקסעס כאַפּען אונטער:

„היפּ, היפּ, לאָבאָדו"!...

און מאָטע'ס אויגען שיטען פונקען, און דער פּנים פלאַמט פון נחת, ווי די שכינה וואָלט אויף איהם גערוהט...

— טי, מאָ־יאַ, ניע זשיד: היבאַזש זשיד טאַק ספּיוואַ? (דו מאָטע ביזט קיין יוד ניט. אַ יוד זינגט דען אַזוי?) — זאָגען די שקצים מיט התפּעלות.

— עהע — מאַכט מאָטע — מיין עלטער=עלטער זיידע איז שוין דאָ אין דאָרף געבוירען געוואָרען... זאָל איך די ליעדער ניט קענען?... כ'האָב ליעב דעם דאָרף מיט זיינע ליעדער!... — גיעט ער בריט אַ פּיהר מיט'ן האַנד אויף פעלדער און וואַלד אַרום זיך. —

אָבער ווי ליעב מאָטע האָט דעם דאָרף, אַזוי פיינד האָט ער די שטאָדט, וואָס ליעגט וויט, וויט פון דאָרף, אויף יענעם זייט סטעפּ, — עפּעס איז אַזוי ענג דאָרט, לופט פעהלט איהם אין דער גרויסער שטאָדט...

ווען ער קימט אין שטאָדט, דוכט זיך איהם, אַז די צווי שורות הויכע הייזער, וואָס שטעהען פון ביידע זייטען גאַס, מוזען איינפאַלען אָדער אויפקומען זיך צוזאַמען און צוקוועטשען איהם אין דער מיט... און יעדערער איז פערזאָרגט, און עפּעס איילט מען זיך דאָרט אַזוי, אַקוראַט יעדען טאָג וואָלט געווען שניט=צייט.

איז מאַקי אַ נסיעה אין שטאָדט אַנ'אָבקומעניש פאַר מאָטע'ן.

פאָהרען פאָהרט ער ניט מעהר ווי צוויי מאָל אין יאָהר, אויף ראש=השנה, און יום=כיפּור, נאר די צוויי מאָל, וואָלט ער אויך מוחל געווען. וויל אָבער דער טאַטע דוקא זיין אין שטאָדט ימים=נוראים, און דוקא מיט'ן גאַנצען הויז=געזונד. מוז זיך מאָטע איינשפּאַנען אין אַ האַרטע מאַנישקע, אויספּוצען זיך אין אַ בלויען האַלוטיבעלע, אָנטהון די קאַפּאָטע מיט די אַלט ביינערנע קנעפּ.

זרײַנקריכלען אין ענגע קאַמאַשען מיט נײַע גלאַנציגע קאַלאָשען — און פאָהרען אין שטאָדט אויף צוויי=דרײַ טעג אָבקומען...

שוין אויף דער אַכסניה, וואוהין לייבע פערפאָהרט, זינט ער געדענקט, אין שטאָדט קומענדיג, — פיהלט זיך מאָטע אַ עפּענטעטער, ווי זײַן פערד אין וואַלד. — עס דוכט זיך איהם, אַז אַלע קוקען אויף איהם און ווינקען זיך איבער מיט די אויגען. ער קעהרט זיך אום צום וואַנד, און דערזעהט אין דעם, מיט פליעגען בעזעסענעם שפּיעגעל, אַ רויט=צעפּריהענטען פּנים, מיט אַ פּאָר אויגען, וואָס קוקען נאַרישעוואַטע און צושראָקען... לאָזט ער אַראָב זײַן בליק, פאַלען זיי אויף אַ פּאָר געזונדע מאַאָליפּעטע הענד, ווי די לאָפּעטעס... און מיט אַ מאָל דערפיהלט מאָטע, אַז די מאַנישקע דריקט איהם, ווי אַ האָמוט, די פיס ברענען פון די ענגע קאַמאַשען און נײַע קאַלאָשען, די הויזען וועהען אויס קורץ=נאַרישעוואַטע, און פון דער קאַפּאָטע איז ער שוין לאַנג אויסגעוואַקסען...

וועלכער שוואַרץ יאָהר האָט דאָס אויסגעקלעהרט די שטאָדט מיט איהרע מאָדעס! ער וואָלט, דוכט זיך, אַ מעשה אָנגעטאָן זיך, ווען ער וואָלט דאָ געמוזט בלײַבען אויף שטענדיג.

דער טאַטע זאָגט, זיי „הענגען אויף א האָהר“: ס'איז רעכט מען זאָל זיי יעדען טאָג פון דאָרף אַרויסשיקען. דער קרעמער, מיכיי, בונטעוועט געגען זיי די גוים פון דאָרף; שרײַבט דאָנאָסען אין שטאָדט אַרײַן... געדאַרפט איהם אָנלייגען די זײַטען דעם פּיאַניצע — לאָזט דער טאַטע ניט. מען טאָר זיך, זאָגט ער, מיט איהם ניט אָנהויבען וואָרום מען איז מיט'ן לעבען ניט זיכער... דער טאַטע איז אַלעמאָל אַזוי; נור ער האָט מורא... דאָס וועט מען זיי אַלעמען אויסקוילענען, דאָס וועט מען זיי פון דאָרף אַרויסשיקען...

פאַרוואָס זאָלען זיי ניט טאָרען וואָהנען אין דאָרף? — פערשטעהט מאָטע ניט — דער זיידע האָט דאָך אויך דאָ געוואָהנט, און זיי זענען דאָ אַלע געבוירען געוואָרען, און זיי האַלטען דאָך דאָ די קרעטשמע, און די שכנים קומען דאָך שטענדיג צום טאַטען פרעגען עצות און לײַהען דאָך בײַ איהם קאָרן צו פערזייהען, און זיי מוזען דאָך דאָ וואָהנען. אין שטאָדט פאָהרט מען דאָך נור אויף ראש=השנה און יום=כּפּור...

אָבער דער טאַטע טענה'ט דאָס זײַניגע:

— סאיז ניט דער דאָרף וואָס אַמאָל, פערשטעהסט? ניט אַמאָליגע גוים . . . מ'איז מיט גרגענדיגען טאָג ניט זיכער.

— דײַס בונטעוועט אַלץ מיכײַקאָ ס'ווילט זיך איהם צוגעהמען דעם פּאַלט אונזערען — וואָרטשעט מאָטע — איכ'ל זיך אַמאָל צו איהם צולאַפּען, וועל איך הענד און פיס צוברעכען — סטראַשעט ער.

— טשעפּע ניט מײַן זוהן, הויב זיך ניט אָן מיט זײַ — בעט זיך דער טאַטע — מיר זענען „ווערעטעני זשיטעליעס". ער קען אונז מסור'ן,

— איכ'ל איהם צוקאַליעטשען דעם זשערעבען זײַנעם — חיל זיך מאָטע ניט בערוהיגען.

— וואָס רעדסט וואָס ?! ווילסט אונז אומגליקליך מאַכען? זײַ וועלען אונז אַלעמען אויסקוילענען, ווי די באַראַנעס... ווײַסט ניט וואָס אין שטאָדט טהוט זיך . . .

— איכ'ל זײַ געבען ! . . קאָכט זיך מאָטע און טרײַסעלט מיט זײַנע צוויי געזונטע קולאַקעס אין דער לופטען.

דער טאַטע גיעט אַ מאַך מיט'ן האַנד, קעהרט זיך אָב אָן אַ זײַט און ווישט די אויגען.

נור לאָטש מאָטע'ן איז ניט אין גאַנצען קלאָהר וואָס דאָ טהוט זיך, דאָך האָט זיך אין זײַן האַרצען אַרײַנגעקליבען אַן'אונדײַטליכע אונרוהיגקײַט. ס'איז טאַקי ניט דער דאָרף, ניט די גוים. עפּעס קוקט מען אויף זײַ אַנדערש. די שקצים זענען מיט איהם ניט אַזוי פרײַנדליך, ווי פריהער.

---

איבערלאָזענדיג די שטוב מיט'ן פּאַלט אויף דאַנילא'ן, דעם שכן זײַערען, און די צוויי פּאַרובקעס, איז לײַבע מיט דאָס הויז־געזינד ווי אַלע יאָהר, די נאַכט אויף ערב ראש־השנה אַרוים געפאָהרען אויף יום־טוב אין שטאָדט אַרײַן.

צוריק איז מען געקומען אויף מאָרגען נאָך יום־טוב, פאַר האַלבען טאָג.

נאָך פון ווײַטען האָט לײַבע דערזעהן, אַרום זײַן שטוב אַן'עולם פּויערים איז, ער אַ טוידטער געבליבען.

— ס'ברענט בײַ אונז! טרײַב די פערד, מאָטע:

ניט אויפהערענדיג צו האַקען די גאַנצע צייט איבער די פערד, איז מאָטע האַסטיג צוגעפאָהרען צום שטוב, אַרויסגע־שפרונגען פון וואָגען נאָך איידער ער האָט זיך רעכט אָבגע־שטעלט, האָט זיך אַ ריס געטאָן צום טהיר, און איז געבליבען שטעהן, ווי איטיצער וואָלט איהם געגעבען מיט אַ בייטש אי־בער'ן פנים.

אַרום לאַנגען טיש איז געזעסען דער זעמסקי נאַטשאַלניק, דער סטאַנאָוואָי, דער אוריאַדניק מיט'ן סאָטסקי, אַרום די ווענד זענען געשטאַנען דער קרעמער מיכאַי, וואָס האָט געוואָלט אָבנעהמען ביי זיי דעם פּאַכט, און נאָך עטליכע גוים, וועלכע האָבען שווייגענדיג צוגעקוקט, ווי דער וואָלאָסטנאָי שרייבער לויפט מיט'ן פען איבער'ן פּאַפּיער.

באַלד נאָך מאָטע'ן איז אַריין דער טאַטע, און איז גע־בליבען שטעהן טויט ווי קאַלך.

— אַ, אָט איז דער חאָזיאַאין! דיך דאַרפען מיר טאַקי האָבען — האָט איהם בעגעגענט דער זעמסקי, — אַ פּאַפּי־רעל האָב איך בעקומען, מען זאָל דיך אַרויסשיקען פון דאָרף, אַלס אַ „ניעזאַקאָננאָ־פּראָזשיוואַיושטשאַוואָ" (וואָהנט אונגעזעטצליך). נו־ם, בין איך געקומען מאַכען „ספּראַווקעס"...

— פּריץ! — האָט לייבע אויסגעשריען, און האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד אָן טיש, — פּריץ, מאַך אונז ניט אומגליקליך!..

מאָטע האָט אַ קיק געטאָן פריהער אויפ'ן טאַטע'ן, ווי ער שטעהט אין גאַנצען מיט שווייס בעדעקט און טרייסעלט זיך, ווי אין קדחת, דערנאָך אויף מיכאַי'ן, מיט זיין פערגאָסענעם שמאַל־ציגען פנים, ווי ער שטעהט און שמייכעלט ושמוערינדיג זיינע שמאָלע חזיר'שע אויגעלעך, און אָנקוועטשענדיג אויף איהם מיט'ן בייטש־שטעקעל, האָט מאָטע הייזעריג אויסגערעדט:

— דאָס איז זיין אַרבייט, טאַטע, מיכאַי'קעס אַ דאַנאָס...

מיכאַי'קעס טעמפּער פנים האָט זיך צוגאָסען אין אַ צופרי־דענעם שמייכעל.

מאָטע האָט אין איהם איינגעגראָבען די אויגען און דאָס בלוט האָט איהם אַ שפּאַר געטאָן אין קאָפּ.

איינבויגענדיג דעם קאָפּ, ווי אַ יונגער אָקסעל, האָט ער

זיך אַ וואָרף געטאָן צו מילכ'ען, און אידער אימיצער האָט נאָך צייט געהאַט איינצוהאַלטען איהם, האָט ער איהם אַ זעטץ געטאָן מיט'ן קאָפּ אין האַרצען פון וואָס מילכיקאַ איז ווי אַ סנאָפּ אַ פאַל געטאָן צו דער ער־ד, און אַרופפאַלענדיג אויף איהם האָט מאָטיע געגומען האַקען מיט די האַרטע קולאַקעס איבער זיין פעטען פנים, אין קאָפּ, אין די זייטען...

— מאָטיע, וואָס מהוכט דו?! — האָט זיך לייבע אַ וואָרף געטאָן אָבצורייסען דעם זוהן...

אין ש וב איז געוואָרען אַ מהומה. צעהנדלינגע העגד האָבען זיך געהויבען אין דער לופטען און אויפגעפראַכטען זיך צוואַ־ען: מענשען האָבען זיך געקייקעלט אין איין קנויל אויף דער ערד, אויפגעהויבען זיך, ווייטער געפאַלען; פנים'ער פערשווינצטע אין אויפגערעגטע, אַנדערע צובלוטיגטע, האָבען געשוועבט פאַר די אויגען, ס'האָבען זיך געהערט שטימען הייזעריגע, בלוט־דורשטיגע... זידל־ווערטער, קללות האָבען זיך אויפגעגאָסען אין איין ווילדען קלאַנג...

אין מיט'ן שטוב אויפ'ן טיש, איז געשטאַנען דער אוריאַדניק מיט אַ בלויזען שווערד אין האַנד און כסדר געשריען:

— הערט אויף! איך שיס!.. הערט אויף, זאָג איך, תאָרום איך שיס!...

נור איבער אַלעמען האָט געקלונגען מאָטע'ס אויפגערעגטער קול:

— אונז אַרויסשיקען?!.. מיך?!.. אונזער שטוב!.. אונזער ערד!.. מיינע פערד!.. אונז אַרויסטרייבען?! אַ טויט מאַכען!.. אונזער שטוב! אונזער ערד!! אונז... פון אונזער דאָרף... איך... מילכיקאַ, פיאַניצע... לאָזט מיך... אונז אַרויסטרייב...

און האַרטע קולאַקעס, זענען ווי האַמערס, געפאַלען רעכטס און לינקס.

---

# שלום געוואָרען.

אַ קיילעכדיגס יאָהר האָט דאָס שטעדטעל פון איין טאָג שלום ניט געוואוסט.

דער פייער פון מחלוקת האָט געפלאַקערט איבער חזנים.

בעלי־בתים, גבירים, סוחרים און סתם שענע יודען האָבען געהאַלטען פאַר ר׳ תנחום׳ן; בעל־מלאָכות, בעלי־עגלות, משאַ־טרעגער, און דער איבעריגער המון — פאַר ר׳ צדוק׳ן.

בלויז די שניידער — די אַלטע הונפים — זענען צוגע־שטאַנען צו די חשובים פון שטעטעל.

— זיין קול, זיין קול! — האָבען מיט התפעלות גע־טענה׳ט ר׳ צדוק׳ס צד — איהר שפּיעלט זיך עפּעס מיט זיין קול! אַ חזן איז עס? — אַ קאַנאַריק איז עס דאָך, ניט אַ חזן! אַ סאָלאָוויי זיצט ביי איהם אין האַלז. אַ אמת׳ער סאָלאָוויי!

האָט אָבער דער צד שכנגד געהאַט אַ טענה, אַז ר׳ צדוק קען קיין עברי ניט.

— וואָס טויג אונז זיין קול, איהר גיעט אונז עברי, אָט וואָס! נעהמט ר׳ תנחום׳ן — פּערעל שיט זיך דאָך פון זיין מויל, ממש פּערעל! יעדעס וואָרט אַזוי קלאָהר, אַזוי שאַרף, אַזוי מחיה׳דיג! זיין עברי צעגעהט דאָך איבער אַלע אברים; ווינס אַ תפלה קענ[...] דאָך אַלע שערי רחמים דורכרייסען. אַייער צדוק איז פשוט אַ [...]רער לגבי איהם! אַ ג[...]וואַלדיגע זאַך — נגינה! יודען איז גאָרניט אַזוי פרעהליך אויפ׳ן הארצען, ס׳זאָל זיך זינגען...

לכתחלה איז עס געווען בלויז אַ ווערטער־סכסוך: איין צד האָט גע׳טענה׳ט, אַז דער עיקר איז נגינה, דער צווייטער צד

האָט געהאַלטען, אַז „עבֿרי“ איז וואַשנער.

אָבער וואָס ווייטער איז די מחלוקת געוואָרען אַלץ גרעסער ביז זי האָט זיך אין אַ העליש פייער צופלאַקערט: די רייד זענען אַריבער אין פּעטש; די פּעטש — אין מסירות; די מסירות — אין משפּטים, און אפילו אין דער שרפה פון ר׳ נחום דעם נייעם נגיד׳ס מיהל, האָבען די „תנחומער“ בעשולדיגט די „צדוק׳אָווער“ — ווי זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע גערופען.

אַ קיילעכדיג יאָהר האָט שטעדטעל איין עסק געהאַט: חונים! ביז ס׳זענען אָנגעשטאַנען די עשרת ימי־תשובה; דאָ האָט זיך ר׳ זנוויל דער רב אַריינגעלעגט:

— אַ סוף זאָל עס נעהמען! סטייטש, אַזאַ קנאה, אַזאַ שנאה! היינט דער חלול השם! יודען זאָלען גאָר גיהן אין גויעשע משפּטים — וואַז איז עס געהערט געוואָרען?! זאָל מען זוכען רבנים, בוררים!

שטעדטעל האָט געפאָלגט דעם רב, מען האָט איינגעלאַדען נאָך צוויי בעריהמטע רבנים, און צוזאַמען מיט ר׳ זנוויל האָבען זיי אַרויסגעטראָגען אַ פּסק דין:

אַז ר׳ צדוק, אַז ר׳ תנחום זאָלען ביידע דאַווענען יום כפור פאַר׳ן עמוד. מבינים זאָלען אויסגעקליבען ווערען פון ביידע צדדים צו צעהן, ר׳ מאָטעל זוסעס, אַ יוד אַ למדן, וואָס איז אויסגעטהון פון דער וועלט און געהערט צו קיין צד ניט, זאָל זיין דער ראש־היושבים פון די צוואַנציג. און וועמען פון די חונים עס וועט האָבען דאָס רוב שטימען פון די מבינים, יענער זאָל בלייבען חזן. אויב־זשע יעדער חזן וועט האָבען אַ גלייכע צאָהל שטימען, זאָל ר׳ מאָטעל זוסעס מיינונג אַראָבציהען די וואָג־שאָל אין דער אָדער יענער זייט.

די צוואַנציג מבינים מיט די צוויי חונים האָבען זיך אונטערגעשריבען אויפ׳ן פּסק־דין, און דער עולם האָט מיט אונגעדולד געוואַרט אויפ׳ן יום־כפור.

על פּי גורל איז אויסגעפאַלען, אַז ר׳ תנחום זאָל דאַווענען כל־נדרי, און ר׳ צדוק מוסף.

יעדערס האָט זיך נעהאַט זיינע מעלות און חסרונות: כל־דרי איז דערמיט גוט צו דאַווענען, וואָס מ׳איז נאָך זאַט, די

בחות זענען נאָך אין גאַנצען, דערפאַר איז ניטאָ, וואו אַ קעדר צו טהון זיך: מעהר ווי אין „יעלה תחנונינו מערב" קען מען די פּלי ניט אַרויסווייזען, כל-נדרי איז דאָך אַ סקאַרבאָוועזע זאַך.

אין מוסף ווידער קען מען שוין זיך רעכט בעווייזען, אז מען אָבער דערפאַר אָבגעשוואַכט פון די היץ און פון תענית...

ר' תנחום האָט אָבער בעוויזען, אַז אין כל-נדרי קען מען אויך ווייזען הרושים.

זיין צד איז געווען מלא שמחה. נור די הייליגקייט פון דער יום-כפור-נאַכט האָט זיי איינגעהאַלטען אַרויסצווייזען זייער שמחה

אויף מאָרגען, צו מוסף, ווען ר' צדוק האָט זיך געדראַפּט שטעלען דאַוונען, איז אין גרויסען בית-המדרש געווען ענג — אַ שפּילקע קען פעל ניט אַריינצוואַרפען: עס זענען פערנומען געווען אַלע בענק, מען איז געשטאַנען צווישען די בענק, אויף די בימות, הינטער די בימות, ביי'ם טהיר, און די פּאָליש.

חברה יונגוואַרג האָט זיך פערקליבען אויך אויף די פענסטער.

אַ וואָלקען שטויב כון די צוריבענע הייה אונטער די פיס איז געהאַנגען אין דער לופט, פון וואָס דער עולם האָט אָפט לאַנג און געשמאַק געניסט; דער ריח פון שווייס האָט זיך אויך געמישט מיט דעם ריח פון גוואַריצייע קערפּער און האָט אַרויסגערופען אַ נישגוטקייט. די הונדערטער וועקסענע ליכט האָבען נאָך מעהר אָנגעוואַרימט די לופט.

נור דער עולם האָט זיך ווענוג געקימערט וועגען אַזעלכע קלייניגקייטען: מען איז דאָ געקומען אויף דאַטשעס, וואָס? מען איז דאָך געקומען אויסבעטען אַ מחילה אויף די חטאים פון אַלטען יאָהר און אַלדעס גוטס — אויפ'ן נייעם יאָהר...

ר' תנחום'ס צד איז אויסערדעם געקומען זעהן ר' צדוק'ס מפּלה...

נור וואָס לענגער זיי זענען געשטאַנען און געהערט ר' צדוק'ן, אַלץ מעהר האָבען זיי פערגעסען די שנאה צו איהם און צו זיין צד: זיין דאַוונען האָט ניט חילעגדיג פערכשופ'ט אפילו זיינע געגנער.

צום אָנהויב, ווען ר' צדוק איז צוגעגאַנגען צום עמוד, האָט מען בעמערקט, ווי טויט-בלאַס ער איז און ווי עס ציטערען ביי איהם הענד און פיס, נור אין גיכען האָט ער זיך בא-

רוהיגט, זיין קול איז צוריק שטאַרק געוואָרען, און ער האָט גענומען ווייזען, וואָס ער קען.

איינגעוויקעלט קאָפּ און פּנים אין טלית, און פון דאָרטען געקעהרט מעשים: דאָס האָט ער געמורמעלט שטיל און איינאַרטיג, ווי דאָס מורמלען פון אַ שטיל וואַסער, וואָס לויפט איבער אַ שטיינינגען באָדען; דאָס האָט ער געחליפּעט, ווי אַ קינד, געפּיעסצעט זיך, איבערגענומען זיך: „אוי־וועה, אוי־וועה“... דאָס האָט ער זיך צוגעהנ'פּ'עט, געלאַסצעט זיך צום רבונו־של־עולם: „דו קענסט דאָך, טאַטע זיסער, שיקען אַ ישועה אויף כל ישראל, ווען דו ווילסט נור, וויי־זשע דיין שטאַרקען האַנד, גאָטעניו!“... דאָס האָט ער זיך גאָר געברוגט, געבייזערט זיך: „וואָס, נאָך ניט צייט צו מאַכען אַ סוף צו די צרות און יסורים אונזערע?!.. ווענינג אָנגעליטען זיך אין גלות? קנאַפּ קלוגּ געחאַפּט? ווענינג יודיש בלוט פערגאָסען, וואָס? ווען וועט שוין זיין אַ סוף דערצו? עד מתי, טאַטע, ביז וואַנען?!

און די אַלע טענות האָט ער בעגלייט מיט אַ „אוי־אוי־אוי, טאַטע, טאַטע, טאַ—אַ—טע—עע!“..., — וואָס איז געווען זיינס אַ אייגענס, ר' צדוק'ס אַ קרעכץ, וועלכען קיינער האָט איהם ניט געקענט נאָכמאַכען.

ניר וואָס ער קען, האָט ער ערשט רעכט בעוויזען ביי דער „עבודה“.

עפּעס דאָס בעטען, וואָס ער האָט געבעטען, דאָס וויינען זיינער, זיין קרעכצען, זיין „אוי“, זיין זיפץ, האָט געקענט אַ שטיין ריהרען! אַז ער האָט אַ זאָג געטאָן מיט זיין שאגת ארי: אָנאָ השא, כפר נאָ לחטאים“, — האָט ער הערצער געבראָכען.

דער עולם האָט זיך געבאָדען אין טרערען, יעדער האָט זיך געדוכט, אַז אין אַזאַ יום־כפּור קען מען עפּעס אויסבעטען ביים רבונו־של־עולם...

אַ סך פון ר' תנחום'ס גוד איז בעת מעשה געקומען אויף די געדאַנקען, אַז ווען עס וואָלט זיך געלאָזען, בעלי בתים זאָלען אָבטרעטען דעם הכון, — וואָלטען זיי אפשר ניט געהאַט דאַגעגען ר' צדוק זאָל בלייבען חזן.

דער מוסף זיינער האָט פערענטפערט אַלע זיינע חסרונות.

עס האָט שוין געהאַלטען בײם לעצטען מאָל בורעים, אַ טײל ליכט האָבען שמעלצענדיג און מיטאַרענדיג דערברענט ביז'ן סוף: די שטראַהלען פון דער נאָכמיטאָג זון האָבען אָנגעהויבען אײנצודרינגען דורך די קלײנע, אויבען־קאַלירטע שײַבלעך פון די בית־המדרש פענסטער, זענען געפאַלען אויף דעם גאָלד־געשטיקטען פרוכת, האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אויף די זילבערנע עטרות און אויף די אויסגעװײַזהטע יאַרמולקעס, איבערגעפלאָכטען זיך אין די זילבער־ווײַסע בערד פון די זקנים...

דער עולם האָט זיך געפיהלט אַ רעכט ביסעל אויסגעמאַטערט אי פון תענית, אי פון דאַוונען.

דאָס שטאַרקע געװײן אין שוהל און דער יאָמער אין עזרת נשים איז איבערגעגאַנגען אין אַ שטילע אײַנגעהאַלטענע כליפּעריי.

דאָ און דאָרט האָבען זיך אַרויסגעריסען אַ אָבגעבראָכענער קרעכץ פון אַ פערביטערטע האַרץ, אַ פערשטיקטער שלוכץ פון אַ אָנגעװעהמאָגטע נשמה...

ר' צדוק איז געלעגען בורעים, כמעט אָנריהרענדיג מיט'ן קאָפּ די פּאָדלאָגע. פון אינטערען טלית האָט זיך געהערט אַ פערשטיקטער: „מו־מו־מו, מי־מו־מי, מו־מו'... צוױי בעלי־בתים זענען געשטאַנען פון בײדע זײַטען אין געװאַרט, װען ער װעט אַרויסזאָגען „ברוך שם כבוד מלכותו", און זײ װעלען איהם אונטער די העגד אויפהײבען פון דער ערד; נאָר אַנשטאָט דעם בעקאַנטען פסוק, האָט זיך פון אונטערען טלית אַרויסגעריסען עפּעס אַ מאָדנער, פערשטיקטער געשרײ, און ר' צדוק האָט זיך אויסגעצויגען מיט'ן פנים אויף די אויסגעבעטע הײה...

אין בית־המדרש איז געװאָרען אַ מהומה. יעדערער האָט זיך געשטופּט צום עמוד, געשריען, געמאַכט מיט די העגד, געשטויסען זיך, און פון גרויס ענגשאַפט האָט קײנער נישט געקענט צוקומען צום עמוד.

— דער חזן האָט גע'חלש'ט — האָט זיך געטראָגען פון מויל צו מויל.

— פון היטץ! — האָט אײנער אַרויסגעזאָגט זײַן מײנונג.

— פון תענית...

— טראָגט איהם אַרויס דרויסען! — האָט זיך נאָך אײנער דערמאָנט.

— דרויסען, דרויסען! — האט מען אונטערגעכאפּט פון אלע זייטען.

— פרעגט פריהער דעם רב, צי מעג מען ריהרען דעם הון פון ארט אין מיטען שמונה עשרה?

— מען מעג, מען מעג — האט זיך דער בלאסער רב אומגעקעהרט פון מזרח־וואנד, — ספנות הנפש איז דוחה אפילו יום־כיפור... און זאל מען שיקען נאך א דאקטאר...

עטליכע בעלי־בתים האבען א נעהם געטאן ר' צדוק'ן, און אויסגעשטרעקט אים אויפ'ן שול־הויף, און פינף בחורים'לעך האבען זיך א לאז געטאן רופען א דאקטאר.

ווען מען האט ר' צדוקן אויפגעדעקט אויפ'ן גראז און אויסגעוויקעלט פון טלית, זענען אלע מיט א מאל שטיל געווארען, און די פנים'ער זענען געווארען ערנסטער און, דוכט זיך, ווי רוהיגער.

אויף ר' צדוק'ס פנים איז פערגליווערט געווארען א פרו־מער תפילה־אויסדרוק, די אויגען זענען פערבליבען ברייט־אפען, אזוי ווי זיי וואלטען געקוקען צום הימעל, און אין זיין טלית און ווייסען קיטעל מיט דער זילבער־געשטיקטער יארמולקע, האט ער אויסגעזעהן ווי א הייליגער, וועמ'ס איז ווייט, ווייט פון די אלע צאנקערייען און קליינקייטען אין וועלכע ער און די ארומיגע זענען נאך גאר ניט לאנג פערזונקען געווען...

די שטילקייט האט איבערגעריסען דער דאקטאר, וועלכער איז געקומען א ביסעל א פערכאפּעטער, אבער א רוהיגער.

געלאסען האט ער צוגעלעגט דעם אויער צו ר' צדוק'ס ברוסט, אויפגעהויבען און אויסגעקעהרט די ברעמען אויפ'ן לינ־קען זייט, און, ווי צו זיך אליין געזאגט:

— געשטארבען...

— אאא!.. ברוך דיין אמת!..

און דער עולם, וואס איז געשטאנען ארום דאקטאר מיט אויסגעצויגענע העלזער און געקוקט אויף זיין ארבייט, — האט אראפּגעלאזען נידריג די קעפ.

—פון א הארץ־שלאג—האט דער דאקטאר צוגעגעבען — א ביסעל וואסער מיט א האנדטוך פאראן? די הענד צוואשען...

------------ -----

איוף מאָרגען נאָך יום כפור האָט מען ר׳ צדוק׳ן געבראַכט לקבורה.

אַזאַ לויה האָט שטעטעל ניט געזעהן זינט ר׳ אלקנה דיין איז געשטאָרבען. אַלט און יונג זענען געגאַנגען נאָך דער מטה. יעדערער האָט דערצעהלט דעם נפטר׳ס שבחים. און מקנא געוועזען איהם אַזאַ מתת צדיק.

— אַ קלייניגקייט יום־כיפור צו נעילה שטאַרבען! אפילו קיין חיבוט הקבר וועט ער דאָך ניט ליידען...

דער אַלטער רב, וועלכער האָט אין האַרצען שטענדיג געהאַלטען פאַר ר׳ צדוק׳ן, נור וועלכער האָט די העזה ניט געהאָט אַרויסצושטעלען זיך אָפען געגען די חשוב׳ע בעלי־בתים, – האָט איצט אויסגעגאָסען זיין האַרץ אין הספד.

— כל המוריד דמעות על אדם כשר שמת — דער וואָס פערגיסט טרעהרען איוף אַ אדם כשר, וואָס איז געשטאָרבען — האָט דער רב אָנגעהויבען אויף זיין אַלטען וויינענדיגען קול, — בניו אינם מתים בחיו... שטאַרבען ניט זיינע קינדער פאַר זיין לעבען... זשאַלעוועט־זשע ניט קיין טרעהרען, מורי ורבתי!...

און דער עולם האָט ניט געזשאַלעוועט. איבערהויפט ביי טער האָט געוויינט ר׳ צדוק׳ס ז׳ שבנגד...



# דערלעבט.

I

פײַטעל, אַ רויט=בערדיגער יודעל מיט דעם רעכטען אַק־
סעל אויסגעקרימט, מיט אַנ'אײַנגעפאַלענע ברוסט און מיט פּימניב
פון אַ פערעלטערטען יאַרישלעזיוען הוסט אויפ'ן ערד=פאַרביגע
פּנים מיט'ן בלויליבען נאָז, — האָט נור וואָס אָבגעגעסען ווי־
טשערע. אויפ'ן גראָבען טישטוך, וואָס האָט פערדעקט דעם
ברעג טיש, איז געלעגען אַ האַלבער לעבעל שוואַרץ=ברויט, אַ
מעבער אָהן אַ הענדטעל, און ס'איז געשטאַנען אַ טעלער, וועל־
כער איז, קענטיג, ניט לאַנג צוריק אויסגעווישט געוואָרען מיט
אַ וואָך שטיקעל ברויט.

פײַטעל איז געזעסען בײַם טיש, געקנעט מיט די פינגער
אַ שטיקעל ברויט, און געקוקט אויף דאָס בלעכענע לעמפּע־
מיט דאָס פערויכערטע גלעזעל, וואָס האָט געקאָפּטיעט אויפ'ן
וואַנד געגענאיבער.

ריקליע, דאָס ווײַב זײַנע, איז געזעסען אויפ'ן בעט, און
געוויעגט מיט'ן פוס דאָס סקריפּענדיגע וויגעלע, אין וועלכע־
ער האָט פון אונטער אַ בערגעל שמאַטעס, אַרויסגעקוקט אַ קליין
עלטליך, ערד=פאַרביג פּנימ'ל פון אײן עופה'לע. אויף די הענד
האָט זי געהאַלטען נאָך אַ קלײנס, וועלכעס האָט זיך אַלע ווײַלע
אָבגעריסען פון דער פלאַך=אַראָבהאַנגענער, לעדיגער ברוסט, אַ
פּיסצע געטהון, ווי אַ קלײן קעצעל, און איפּ'ס ניי גענומען
זיך ציהען מיט די בלויע ליפּעלעך.

אויפ'ן פאָדלאָגע, בײַם פוס ווענטעל פון בעט, האָבע־

יך, בײַ אונטער אַ װאַטאָזיער קאָפּטע, פֿון אײן זײַט אַרױס־געזעהן דרײַ קעפּעלעך: צװײ געגרײַזעלטע — יונגעלטע — און אײנס — מיט גלײַכע שטײַפֿע האָהר — אַ מײדעלישער. פֿון צװײטען זײַט — דרײַ פּאָר נאַקעטע, ברױנע פֿיס...

בײַם אױבען, אױף אַ בענקעל, איז געזעסען אַ מײדעל פֿון אַ יאָהר פֿירצעהן, מיט אַ פּלאַצינגע נאָז, אױף אַ ברײטען פּנים, װאָס איז אינגאַנצען בעשאָטען געװען מיט קלײען. אַרײַנריקענדיג אַלע צעהן פֿינגער אין די פֿײַער־רױטע האָהר, האָט זי געשמאַק געקראַצט דעם קאָפּ.

אױפ'ן אױבען איז געלעגען אַ צעהן־יאָהריגער יונגעל דעם קאָפּ אַראָבגעהאָנגען אַראָב, און געקוקט אױף דער שװעסטערס אַרבײַט, פֿון צײַט צו צײַט שפּײַענדיג אױף אין די געדיכטע האָהר.

— װאָלסט געהן, פֿײַטעל, זיך לײגען אױסרוהען? — מאַכט ריקליע װײך־פֿרעגענדיג — מאָרגען איז פֿרײַטאָג; דאַרפֿסט דאָך פֿריה־פֿאַרטאָג אױפֿשטעהן; װאָס ס'דו אױסזיצען? װאָס ס'רו אױסטראַכטען?

— איך טראַכט, אַז אָהן אַ פֿערד בין איך אױסגע־שפּילט — האָט פֿײַטעל געענטפֿערט פֿערטראַכט, װי ער װאָלט גערעדט צו זיך אַלײן.

האָט אױף איהם ריקליע פֿערװאונדערט און דערשראָקען אַ קוק געטהון. צו רעדט ער נישט אַמאָל פֿון זינען... װאָס, עפּעס גאָר אַ פֿערד אין מיטען דרינען?

— כ'מײן, װאָס קען מען אױפֿטאָן מיט'ן „קאַראָמיסלע?" — ערקלערט איהר פֿײַטעל דעם פֿערבאָרגענעם געדאַנק זײַנעם, מיט װעלכען ער האָט זיך שױן לאַנג אַרומגעטראָגען.

האָט ריקליע נישט, מיט װאָס צו טרײסטען איהם, און זי זאָגט, אַבי שטיל נישט זײַן:

— גאָט װעט העלפֿען... איז מען דאָך גאָט צו דאַנקען דערגעקומען ביז איצט.

— און איצט איז אַ מאוסקײט: פֿײַשקע ממזר האָט גע־קױפֿט אַ פֿערד, פֿיהרט װאַסער פֿון אונטער'ן שטאָדט, האָט זיך אַלע מײַנע בעלי־הבית'טעס אױך פֿערגליסט װאַסער פֿון קרעניצע־ברונען.

גאָר פֿון קרעניצע-ברונען...

— יאָ... איבערהויפּט די דינסט־מיידען: נור קרעניצע װאַכער גיב זײ.

— אַנדערס פּאַסט זיי ניט! — מאַכט ריקליע שטאַרק אויפגערעגט — ווי קאָן מען דאָס שלעפּען אויפ'ן אַקסעל וואַסער פאַר צוויי וויאָרסט, ווי?

ס'אַ דאַגה זיי האָבען. מיידען! זיי גיעב קרעניצע־וואַסער, און איז גאָר... מילא, וואָס מאַכט עס אויס? אָהן אַ פערד בין איך אַ פערפאַלענער!

און ס'איז שטיל געוואָרען. דאָס קינד אויף די הענד איז מיעד געוואָרען ציהענדיג די לעדיגע ברוסט, איז עס איינגעשלאָפען; דאָס רויטע מיידעל ביים אויווען האָט געשנאָרכט זיצענדיג, און אַ פאַל געבענדיג, צייטענווייז, פון רעכטס אויף לינקס און פון לינקס אויף רעכטס; דער יונגעל אויפ'ן אויבען האָט זיך אומגעקעהרט אויפ'ן רוקען, און מיט די באָרפוסע פיסלעך איינגעשפּאַרט זיך אין דער סטעליע; ריקליע האָט מעכאַניש געוויגט מיט'ן פוס דאָס סקריפּענדיגע וויגעלע, נור מיט אַמאָל האָט זי אויפגעהערט צו וויגען און האָט זיך אַ קעהר געטאָן צו פייטלען:

— דאַרף מען נאָך אָנהויבען קלערען וועגען אַ פערד.

איצט האָט פייטעל אויף איהר פערוואונדערט אַ קוק געטאָן.

— כ'מיין, מ'דאַרף אָנהויבען צו ביסלעך אָבשפּאָרען — ערקלערט ריקליע איהר געדאַנק.

— פון וואָס וועסט דו אָבשפּאָרען? — אָבשפּאָרען? אַזוי אויך קוים ברויט צו זאַט...

— אַז מע וויל — קען מען — זאָגט ריקליע אַרויס שוין שטרענגער — מהיע קען מען „פערבייגען", מיט'ן האָלץ דאַרף מען אויך ניט „פולען", שבת — אַביסעלע איינגעהאַלטענער. דער אייבערשטער וועט מוחל זיין, נישקשה...

און האָט ריקליע בעוויזען אַ וועג, איז געבוירען געוואָרען אַ האָפנונג, איז דאָס אונמעגליכע געוואָרען אַ זאַך, וואָס קען פערווירקליכט ווערען, צו וואָס מען קען נאָך דערלעבען און נחת האָבען.

און ביז שפּעט אין דער נאַכט זענען פייטעל מיט ריקליען געזעסען, און געמאַכט פּלענער ווי צו שפּאָרען אַ קאָפּיקע, גערעכענט, ווי לאַנג קאָן עס דויערען ביז מען וועט קימען צו

אַנ׳איינגענעם פעדרעל, און פאַרגעשטעלט זיך ווי גוט ס׳וועט זיי דאַמאָלס זיין.

ווען זיי זענען געגאַנגען שלאָפען, איז שוין דער געדאַנק געגען אַ פערד אַזוי איינגעוואָרצעלט געווען אין זייערע הערצער, אַזוי ווי זיי וואָלטען שוין יאָהרען־לאַנג אומגעטראָגען זיך מיט איהם.

אויף מאָרגען האָט שוין דאָס גאַנצע הויז־געזונד געוואוסט, אַז דער טאַטע מוז האָבען אַ פערד, און „מען דאַרף זעהן שפּאָרען אַ קאָפּיקע . . .

און שפּאָרען האָבען אַלע געוואָלט: מענדעל האָט געזאָגט, ער וועט בּדאי געהן אַ באָרפיסער, אַבי דער טאַטע זאָל קויפען אַ פערד; דער קליינער לייבעלע האָט אויך איינגעהערט צו ווייגען יעדען טאָג, מען זאָל איהם קויפען אַ נייעם סידור׳ל: ער וויל אויך, דער טאַטע זאָל קויפען אַ פערד מיט אַ וועגעלכיקעל, וועט ער קענען פאָהרען רייטענדיג . . . די רויטע זיסלדע האָט זיך אַליין אויסגערופען אַז זי וועט געהן פאַר אַ ניאַנקע, און די גאַנצע זעקס רובל אַ זמן, וואָס זי וועט נעהמען, וועט זי אָבּגעבען דעם טאַטען . . . אפילו די קליינינקע, הערענדיג שטענדיג אין געשפּרעך, פלעגען ציהען דער מאַמען פאַר׳ן פאַרטוך און שרייען: „גיב מיר אַ גראָשען, וועל איך געבען דעם טאַטען אויף אַ פעלדרעלע“ . . .

אָבער שפּעטער האָט זיך ריקליע אַרומגעזעהן, אַז עס וועט לאַנג דויערען ביז מען וועט פון איינע „אָבּשפּאָרעניש“ אָנקלייבען אויף אַ פערד. האָט זי גענומען זוכען אַ וועג, ווי אַזוי אַ זייטיגע קאָפּיקע אַריינצוברענגען.

האָט זי אָנגעהויבען אַריינצונעהמען אַ פרעמדע בּיסעל וועש אויסצוואַשען. געהן צו לייטען אַ פּאָדלאָגע אויסשייערען; אויף דער נאַכט — זאָקען געצירעוועט, פעדערען געפליקט — אַלץ קומט צו אַ גילדען אין פּסח׳דיגען טשייניק איפ׳ן פּאָליצע.

ס׳איז איהר אפילו ניט גרינג אָנגעקומען; ס׳איז געווען אַרבייט פאַראַן אַרום דאָס אייגענע געזונדעל, און קיין איבעריגע כּחות זענען אויך ניטאָ. נור דער געדאַנק, אַז מיט יעדען גילדען, וואָס זי פעדדיענט, אַלץ נעהנטער קומען זיי צו זייער צוועק, — האָט איהר געגעבען כּחות די שווערסטע אַרבייט צו טהון.

טהײַלמאָל, שטעהענדיג אין אַ פרעמדער קיך איבער אַ באַליע װעש, פלעגט זי פאַר דער דינסט דאָס האַרין אױסרעדען:

— דו מײנסט, טײַערינקע, כ'װאָלט זיך געדאַרפט אַזױ די כחות אײַנרײַסען, פראַצעװען אױף די גראָבע גײדערס? הלואי װײַטער, קײן עשירות איז ניטאָ, אָבער דאָס שטיקעל ברױט און קרופניק האָט קײנמאָל, גאָט צו דאנקען, ניט גע־פעהלט. איז ניט קײן פלײש, אָבי איך זאָל װײַטער פנים'ער ניט דאַרפען אָנקוקען... מחויב די װעלט אײַנצורײַסען? ניט מעהר, הײַנטיגע צײַטען, איז דיר אַ מאָדע געװאָרען: װאַסער פון קרע־ניצע-ברונען... לאָזען זײ מײַן פײַטל'ן ניט לעבען: פון קרע־ניצע־ברונען גיב זײ... בעט איך אײַך, טײַערינקע, קען ער עפעס שלעפען װאַסער איפ'ן אַקסעל פון קרעניצע-ברונען? אָבער װאָס אַהרט עס זײ, אַ דאגה זײ האָבען: לאָטש לעג אָן מיט'ן קאָפ „סענעסראָל“ — אַבי זײער גלאָטע זאָל ניט פעהלען... זאָגט ער, פײַטל מײַנער, „איך בין אַ פערפאַלענער אָהן אַ פערד“, זאָג איך: „גאָט איז אַ טאַטע“; זאָגט ער: „אליה־נבי״ ט'פון הימעל ניט אַראָבגעװאָרפען“; זאָג איך: „מען קען אָבשפאָ־רען“, זאָגט ער: „פון װאָס?“ זאָג איך: „ס'איז קײן תירוץ ניט, װײַל מען — קען מען... װי מע נעהמט זיך אונטער, אַזױ העלפט גאָט“... זאָגט ער, פײַטעל מײַנער: „װײס איך?“ זאָג איך: „סטױ זעהן“... און, הערט איהר, טײַערינקע, סע שפאָרט זיך: פערדינעט זיך דאָ אַ גילדען, דאָרטען — אַ פערצי־גער... גיט מען ניט נאָך די האַלז... זאָל נור דער, װאָס איך בין ניט װערט צו דערמאָנען, העלפען קומען צו אַ שטיקעל פערדעל, װעט שױן אַלײן רעכט זײַן...

און אױף דער מאַמע קיקענדיג, האָבען זיך אַלע קינדער געפונען פרנסות: לײבעל האָט געמאַכט פאַפירענע לאַנטערנעס און פערקױפט צו קאָפּיקע אַ שטיק, געהאַנדעלט מיט יונ'ישע קנעפּ, מיט „ניקאָלאַיעװסקע" מעסערלעך; מענדעל פלעגט יעדען פריהמאָרגען העלפען ראַשע דער בעקערין אַרױסטראָגען אַ קאָ־שיק בײגעל אין מאַרק אַרײַן, און די צװײ בײגעל, װאָס ער פלעגט קריגען פאַר'ן גאַנג, האָט ער ניט אײנמאָל פערקױפט די חברים אין חדר, אין די צװײ גראָשען געבראַכט אַ הײם. די מײדלעך האָבען אַ פרעמד קינד ציגעניאַנציעט, אַ גאַנג גע־

לאָפּען פאַר אַ קאָפּיקע . . .

די אַלע פערדיענסטען זענען מיט שמחה געבראַכט געהאָרט אַ היים, און אַריינגעלעגט געוואָרען אין פסח'דיגען טשײַניק — דער מאַטע וועט קויפען אַ פערד.

---

## II

נאָך אַ שווערען טאָג אַרבײַט, איז פײַטעל געקומען אַהיים. אראָבגעשטעלט די לעדיגע עמער מיט'ן „קאָראָמיסלאָ" אין פאָר־הויז, איז אַרײַן אין שטוב, און מיט די הענד אויסגעשטעלט פאָראויס, איז ער געגאַנגען גלײַך צום אויווען אָנצואוואַרימען אַ ביסעל די פערפרוירענע פינגער.

— עפּעס שטיל אין שטוב — מאַכט פײַטעל שטעהענדיג מיט'ן פנים צום אויווען — די פּיסקונעס שלאָפען שוין אַזוי פריה?

— כ'וויים אליין ניט, וואָס מיט זיי איז: היענעלע עפּעס ניט געזונד, און ציפּקע איז אויך, דוכט זיך, ניט מיט אַלעמען.

— וואָס איז? — פרעגט פײַטעל אומרוהיג.

— כ'וויים, וואַרעמקײַט האָבען זיי . . . היענעלע ברענט . . .

— אודאי צוגעקיהלט זיך — שטויסט זיך פײַטעל אָן — אָדער פון מענענדעל . . . ריזען־אײַל אַ לעפעל גיב איהר . . .

— כ'האָב מורא ס'איז ניט פון מעגעגדעל . . . עפּעס ברענט היענעלע, ווי אַ פײַער . . . און אין העלזעל וועגט בײַ איהר אַזוי, אַז איך מײַן דאָס קינד ווערט דערשטיקט . . . אפשר מאַכטע דעם רופא אַרײַנרופען?

- שוין „מאַטע דעם רופא!" ס'שיט זיך בײַ איהר צווייגילדערנע! וואו וועסט דו עס נעהמען, וואו?!

— מ'האָט געקענט „אַנטלײַהען" פון „יענע" — מאַכט ריקליע ניט זיכער, שוואַך אַ ריהר געבענדיג מיט'ן קאָפּ צום פּאָליצע, וואו דער פסח'דיגער טשײַניק איז געשטאַנען.

פײַטעל איז אַ צוקאָכטער געוואָרען.

— פון „יענע" . . . שוין פון יענע! נאָך וואָס וועסט דו אויסטראַכטען? אַ קינד עפּעס ניט מיט אַלעמען, איז שוין ריקלב

צעפען פון יענע . . . את אזוי וועט מען טאקי קומען צו עפעס . האָ ? את נעהם גיב איהר בעסער אריין א לעפעל ריצען=איל , קויף פאר א פאר גראָשען טרוקענע מאלינעס=טיי און גיב איהר זיך אנטרינקען , וועט זי דורכשוויצען , און מאָרגען , אם ירצה השם , שטעהט זי אויף א פרישע , א געזונדע .

פייטעל'ס רעצעפט האט ניט געהאָלפען : חיענקע איז אויף מאָרגען ניט אויפגעשטאנען קיין „פרישע=געזונטע" , און ציפקע , דאס צווייטע קינד פון צווילינג , וואס איז געשלאָפען מיט איהר צוזאמען אין איין בעט , האט אויך געברענט , ווי א פייער , און די העלזלעך האט ביי זיי געבאַרכעלט , ווי צו דער גסיסה .

איז שוין פייטעל אליין , נור טאָג , געלאָפען נאָכ'ן רופא , דער רופא האט גלייך געשיקט נאָכ'ן דאָקטאָר . דער דאָקטאָר האט זיך שטארק געבייזערט , וואס מען האט איהם נעכטען ניט גערופען , געהייסען צונעהמען די איבריגע קינדער פון שטוב אוי אין אוועק , אבזאָגענדיג זיך פונ'ם האלבען רובעל , וואס פייטעל האט איהם געשפאַרט אין האנד .

געגען נאכט איז חיענעלע אויסגעגאַנגען .

אין א שעה ארום איז ציפקעלע געגאַנגען דעם זעלבען וועג .

מאמע דער רופא האט געזאָגט : ס'איז געווען דיפטעריט .

פונ'ם קאפיטאל אין טשייניק איז געבליבען איין האלבער רובעל , — דער האלבער רובעל פון וועלכען דער דאָקטאָר האט זיך אבגעזאָגט .

דאס איבריגע איז אוועק אויף תכריכים און קבורה=געלד .

---

# III

ווען פייטעל מיט ריקליען זענען צוריק געקומען פון בית= עולם , און געזעצט זיך שבעה , האבען זייערע אויגען געבלאָ= זעט פון דער לעדיגער וויגעלע צום פוסטען טשייניק , און פון טשייניק צום וויגעלע . . .

דאס הארץ האט וועה געטאָן אויפ'ן צווילינג און אויף די אבגעשטאָרבענע האָפנונג . . .

גערה הויב וויטער אָן פון דאָס נײַ. — —

יען מען האָט זיך גענוג אָנגעראָדט פון דעם געשטאָרבע־נעם צווילינג'ס שמייכעלעך און מינעלעך, — האָט פּייטעל אַ פרעג געטאָן:

— וויפיעל איז דאָרטען געווען, אין טשייניק? . .

— עלף רובל אָהן זעכצעהן גראָשען . . . וועה צו מײַנע יאָהרען! . .

און ס'איז שווער געווען צוזאָגען, וואָהין דער „וועה" געהערט: צו די פערשטאָרבענע קינדער אָדער צו דאָס פערלאָרענע געלד.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי צוגעגעבען.

צוויי דרײַ־רובעלדיגע, פּאַפּיערענע . . . דרײַ זילבערנע רובעלס . . . אַ האַלבער רובעל מיט צוויי זילבערנע פערטעלעך… דרײַ פערציגערס, אַ גריווניקעל, פיער בלישצענדיג זילבערנע צעהניערלעך, אַ קאָפּיקע און צוויי נײַע גראָשעלעך . . . אַ בראָך צו מר! . . מײַנע אונשולדיגע עופה'לעך! . .

און בײדע זענען זיצען געבליבען שטיל און שאָקלענדיג מיט די קעפּ.

טיעף ערגעץ אין אַ ווינקעלע פון מוח, איז שוין בײַ בײַ־דען געבוירען געוואָרען אַן'אונבעהאָלפענער געדאַנק, אַז דער האַלבער רובל אין פּסח'דיגען טשייניק, דאַרף ניט בלײַבען אַלײן… נור כל זמן די וואונד איז פריש געווען, האָבען זײַ זיך, ווי געשעמט צו רעדען פון דעם.

ערשט שפּעטער מיט אַ שטיק צײַט, ווען אויסער דער כאַמען, האָבען שוין אַלע במעט פערגעסען אָן צווילינג, האָט מען אויפ'ס נײַ אָנגעהויבען שמועסען וועגען אַ פערד.

איצט, האָט זיך פּייטלען מיט רינקליין געדוכט, וועט גרינ־גער זײַן צוצוקוקען צו דעם: וועלדע רייענט שוין לאַנג אויף אַ שטעלע; די צוויי קלענערע קען מען שוין איך אָבגעבען פאַר ניאַנקעס דעם זמן. — טאַקי שווער געבעך, פאַר יונגע קינ־דער, אָבער וואָס זאָל מען טהון? מען מוז דאָך אַ פערד האָ־בען. דערפאַר וועט זײַ שפּעטער בעסער זײַן… מענדער אַר־בייט שוין אוי'ם זײַנע צעהן גילדען אַ וואָך בײַ אַ שוסטער; לייַ־בעל — בײַ אַ סטאָליאַר אין דער לעהרע — אויך מיט אַ טויל וועניגער. אַלץ גרינגער ווי אַ מאָל.

און מען האָט ווידער גענומען אָבשפּאָרען.

אָבער אין דאָס אָבגעשפּאַרטע געלד איז קיין מזל־ברכה ניט געווען: אַ גאַנץ ווינטער האָט פּייטעל צוגעקרייענקט, געהוסט און איז אָפּט מאָל אויף אַ טאָג און צווי געבליבען זיצען אין דער היים.

פאַר אָנדערטהאַלבען יאָהר קוים פונפצעהן רובל אָבגעשפּאָרט.

דאָס איינציגע וואָס האָט פּייטלען אויף די פיס געהאַלטען, איז געווען די האָפנונג, אַז ער וועט דאָך ווען ס'איז קומען צו אַ פערד און וועט אויסרוהען זיינע ביינער פון „קאָראָמיסלאָ“.

אָבער וואָס ווייטער, אַלץ מעהר האָט ער איינגעזעהן, אַז „ביז ער וועט דערלעבען די נחמה, קען אַרויס די נשמה“. ער ווייס חי לאַנג עס וועט נאָך דויערען ביז ער וועט האָבען גענוג אויף אַ פערדעל ביי היינטיגע יקרות.

און זוכענדיג תחבולות, ווי אַזוי וואָס גיכער צוצושלאָגען זיך צו אַ פערד, איז ביי איהם געבליבען, אַז דער איינציגער וועג איז: לייהען עטליכע קערבלעך ביי זעלדען.

---

און איינמאָל, אַ שבת־צו־נאַכט, ווען זעלדע איז געקומען געוואָהר ווערען טאַטע־מאַמע, און די איבריגע קינדער זענען אויך געווען אין דער היים, — האָט זיך פּייטעל לאַנג אַרומגעדרעהט איבער'ן שטוב, פּלוצלינג ער זוכט עפּעס, נאַכהער האָט ער זיך מיט אַ מאָל אָבגעשטעלט ביים טיש, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף איהם מיט די הענד, און קוקענדיג אויף זעלדע'ן, האָט ער מיט אַ רחמנות־חונפ'דיגען שמייכעלע געזאָגט:

— קעהרסט שוין אודאי האָבען אַ שטיק טיט געלד, האַ, טאָכטער?

— זאָל עס מיר צוקומען און אונז אַלע, וואָס מיר פעהלט — ווינשט זעלדע — ווייסט דאָך, וואָס איך האָב: אָט דאָס, וואָס איך האַלט ביי דיר.

— פינף־און־זעכציג קאַרבען? דאָס איז גאָר דיין נדן? נו, מן הסתם, פאַראַן ערגעץ אַ קניפּעלע, זאָי זיך מודה...

קוקט איהם זעלדע אָן פערוואונדערט: וואָס רעדט ער

עֶפּעֶס מיִט איִהר אַזוי? דוכט זיִך, ער ווייס פּיִן יעֶרעֶן גראָשעֶ־וואָס זי פּעֶרמאָגט.

— דוכט זיִך, איִך בעֶהאַלט פון דיִר ניִט — מאַכט זעֶלדעֶ האַלב פעֶרדראָסיִג.

— ניין, זעֶלדעֶ, איִך פרעֶג עֶס אַקעֶגעֶן דעֶם, וואָס כ'האָב געֶקלעֶרט עֶ—עֶ... טאָמעֶר האָסט עֶטליִכעֶ זייטיִגעֶ רוּ־בעֶל, וואָלסט דוּ מיִר געֶליִהעֶן עֶ... אויף אַ פעֶרד...

און אַזוי ווי עֶר וואָלט מורא געֶהאַט, זעֶלדעֶ וועֶט איִהם ניִט פעֶרשטעֶהן, האָט עֶר איילעֶנדיִג צוגעֶגעֶבעֶן:

— פעֶרשטעהסט, זעֶלדיִנקעֶ, נור לייהעֶן, ניִט שעֶנקעֶן. חלילה... דיינעֶם אַ פעֶרהאָרעֶוועֶטעֶן גראָשעֶן פעֶרנעֶהמעֶן — זאָל מיִך גאָט היִטעֶן!..

זעֶלדעֶ איִז געֶשטאַנעֶן, ווי אַ צוטומיעֶלטעֶ: דעֶרויף האָט זי זיִך ניִט געֶריִכט.

איִהר געֶלד דאַרף זי פאַר זיִך: זי איִז ניִט קיין קליי־ניִנקעֶ... בּבוין געֶקליִבעֶן ביי מאַטעֶן, ניִט אָבגעֶגעֶבעֶן אויף פּראָצעֶנט, געֶמיינט: ביי איִהם וועֶט גאַנץ זיין, בעֶט עֶר נאָר „לייהעֶן“...

הלואי וואָלט איִך נור אַזוי געֶהאַט זייטיִגעֶ, טאַטעֶ, ווי איִך וואָלט דיִר געֶגעֶבעֶן — מאַכט זעֶלדעֶ, פּיִהלעֶנדיִג, אַז איִהר געֶלד איִז אין סכּנה.

— און פון „די“, וואָלסט דוּ מיִר געֶליִהעֶן? ניִט קיין סך, איין פיִנף־און־צוואַנציִגעֶר... זיִבצעֶהן קעֶרבלעֶך האָב איִך, אוי פאַר אַ פעֶרציִג קאַרבעֶן קעֶן מעֶן קױפעֶן אַ שעֶן פעֶרדעֶל...

— ווי קעֶן איִך? ווייסט דאָך, טאַטעֶ, אַז צאַליעֶ ייעֶט מעֶהר ווי נאָך צוויי זמניִם ניִט וואַרטעֶן. עֶר וויִל התונה האָ־בעֶן און קױפעֶן אַן אייגעֶנעֶם שפּאַן. מיאוס געֶוואָרעֶן זאָגט עֶר זיין אַ שמײַסעֶר ביי יעֶנעֶם. מוז איִך דאָך האָבעֶן כאָטש אַ הונדעֶרטעֶר, אַ חוץ חתונה־קליידעֶר, וויזשעֶ קאָן איִך דיִר אַוועֶקגעֶבעֶן?

—אי, טאָכטעֶר, פאַר צוויי זמנים, וועֶל איִך דיִר, אם ירצה השם, אָבגעֶבעֶן אַ הונדעֶרטעֶר פאַר דעֶם פיִנף־און־צוואַנציִגעֶר, און נאָך מאַכעֶן דעֶרצו אַ חתונה, ניִט עֶרגעֶר פון לייטעֶן, מיִט אַ פעֶרד אין די העֶנד!.. וואָס רעֶדסט דוּ עֶפּעֶס

— כ׳האָב מורא. טאַטע, װער װײס, װאָס ס׳מאַכט זיך. ציביה די גראָבע שאַרט זיך אַזױ אױך צו איהם... ער װיל ניט װאַרטען...

— איז, הײסט עס, זאָל איך זיך לעגען און שטאַרבען? — פּרובירט זיך פײטעל צו װירקען אױף איהר פון דער אַנדערער זײט.

— איז װאָס־זשע קאָן איך העלפען?! — בעט זיך בײ איהם זעלדע.

— קינדער — האָבען אױפ׳ן אײגענעם טאַטען קײן רחמנות ניט.

— איז װאָס האָסטו צו מיר! װאָס קאָן איך העלפען? האָט זעלדע ביטער, שױן העכער אױסגעשריען.

דער טאַטע װעט דאָך פאַלען אין די „האָליאָבליעס"

— מישט זיך אַרײן די מאַמע — ער האָט דאָך שױן קײן כח ניט די פיס צו שלעפען! װי לאַנג נאָך קען ער געהן מיט׳ן „קאָראָמיסלע"?..

— װאו װעט זיך די מאַמע מיט די קינדער דאַמאָלס אהינטהון? — פאַלט איהר פײטעל אַרײן אין די רײד.

— אַ שטײן איז דאָס, ניט אַ מױד! — װאָרטשעט מענדעל.

— זעה נור דעם בעל־צדקה אױפף יענעמ׳ס קעשענע! — האָט זעלדע אַרױפגעװאָרפען זיך אױף איהם, גערן אױסצולאָזען איהר ביטער האַרץ צו זײן קאָפּ.

— נישקשה, כ׳שטעה אױך ניט פון חײטען — פערענטפערט זיך מענדעל — אַ גאַנץ װינטער געטראָגען דעם טאַטען אַ רובעל אַ װאָך... דער דאָקטער האָט געזאָגט, כ׳זאָל טרינקען פיש־טראָן, מילך, און איך האָב דער מאַמען אױעקגעגעבען... „בעל צדקה אױף יענעם" — זאָגט זי.

— איז װאָס־זשע װילט איהר פון מיר?! — האָט זיך זעלדע צואװײנט — כ׳זאָל פון מיר די העמד אױסטאָן? נעהמט שינדט פון מיר די הױט אַראָב!.. כ׳דאַרף גאָרניט, אַבי ס׳זאָל זײן אַ פּערד, נעהמען זאָל מיך שױן די ערד, רבונו־של־עולם!..

— שאַ, שאַ, װײן ניט! װילסט ניט — איז ניט! ניט

מעהר, כ'האָב געמיינט — אַן אייגען קינד...

— נעהם, נעהם אינגאַנצען! איך דאַרף ניט קיין געלד!. כ'וויל ניט דעם שידוך!.. מעגסט נעהמען פינף=און=צוואַנציג, פופציג...

— לָמָה איך בײַ דיר צוואַנציג — דרײַסיג רובעל.!. יען ניט מאָרגענדיגער יריד, וואָלט איך ניט געליהען, זאָלסט מיך אָבגילטען... מאָרגען קאָן מען קויפען בחינם... מיט גאָט'ס הילף, — אַ דינדריטער אָבגעבען, מיט חתונה=קליידער, מיט מתנות...

נור זעלדע האָט איהם שוין ניט געהערט: זי האָט געכאַפּט די פּאַטשײַלע אויפ'ן קאָפּ, און וויינענדיג אַרויסגעלאָפען פון שטוב...

---

אויף מאָרגען, איז דאָס גאַנצע הויז=געזינד אויף געווען נור טאָג.

פּײַטעלע אַליין איז אומגעגאַנגען אַ צופלאָמטער, ריקליע האָט זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען, מענדיל און לײַבעל האָבען זיך אויסגעזוכט תּירוצים און ניט געגאַנגען צו דער אַרבײַט.

און נאָך גאַנץ פריה, ווען דער עולם אויפ'ן פערד=מאַרק האָט נור וואָס אָנגעהויבען אויפקומען זיך, איז שוין פּײַטעל מיט די זיהן געווען דאָרטען און בעקוקט פערד.

פּײַטעל איז קיין גאַסט ניט געווען אויפ'ן פערד=מאַרק; באַלד, ווי ער האָט נור אָנגעהויבען צו קלײַבען אויף אַ פערד, פלעגט ער שוין יעדען יריד אַרוּם אויפ'ן מאַרק, געדרעהט זיך צווישען די צײַלען אויסגעשטעלטע פערד; הויבט בײַ איין פערד דעם עק, בײַם צווייטען — אַ פוס, קוקט אין די ציין, בעטראַכט די קאָפּיטעס, שפּאַרט זיך אײַן מיט'ן קולאַק אין פערד'ס זײַט... זעהט ער, אַז אַ פערד בײַט אַלע ווײַלע די פיס, האַלטענדיג איין פוס אין דער לופטען, — ווייס ער, אַז ער איז „געפּאַלען" אויף די פיס, און געהט אַוועק, וואַרפענדיג: „ניט

פאַר מיר קיין סחורה"... ער דרעהט זיך צווישען ציגיינער, שמועסט מיט קאָניוכעס און שפּילט די ראָליע פון אַ פערד־קויפער, וואָס זוכט די ריכטיגע סחורה.

קאָניוכעס ווייסען, אַז ער איז קיין גרויסער סוחר ניט, נור, אַז ער האָט געוונג געלד אויף אַ „וואָכעדיגען געהר", זענען זיי זיכער געווען: אַזוי פיעל יאָהרען אַ מענש „צילעוועט זיך" צו אַ פערד!..

און דעם זונטאָג, ווי נור ער איז אַרויס אויפ'ן פערד־מאַרק, אַזוי בעגעגענט איהם קאָפּעל קאָניוך מיט אַ זען איבער'ן פלייצע:

— האָב איך פאַר דיר אַ סוס, פייטעל — אַ צאַצע! דער גובערנאַטאָר מעג אויף איהם פאָהרען, ווי דו זעהסט מיך אַ יודען!

און גלייך טאַקי אַ כאַפּ געטאָן און אַרויסגעפיהרט פאַר'ן ניימעל אַ דאַרע שקאַפּע, גענומען שניידען מיט'ן בייטש־שטעקעל, ציהען פאַר'ן צוימעל, שרייען „ווי—האָ—נו" און די גאַנצע צייט גערעדט:

זעהסט אַ גאַנג?.. פייער!.. פיס!.. אַ טראָט!.. אַ רוקען מיט אַ האַלז!..

די קליאַטשקע האָט זיך גערדרעהט און געדריגעט מיט די פיס, ווי זי וואָלט געזוכט אַנ'אָרט, וואוהין צו בעהאַלטען זיך פון קאָפּעל'ס קלעפּ.

פייטעל איז געשטאַנען און געקוקט מעשה טבין, און נאַכהער קאַלטבלוטיג אַ זאָג געטאָן:

— פאָהר זיך נאָר, אַ טשיקאַוועס, דורך אויף איהר...

אין אַ מינוט אַרום איז קאָפּעל געזעסען רייטענדיג אויפ'ן פערד, געריטען הין און צוריק, פאַרביי פייטלען, וועלכער האָט די אויגען ניט אַראָבגענומען פון דער קליאַטשע'ס פיס.

נאָך קאָפּלען איז מענדעל דורכגעריטען אויף איהר:

דערנאָך האָט פייטעל בעטראַכט די אויגען, די ציין, די קאָפּיטעס, און איז צופריעדען געבליבען מיט דער סחורה.

קיין גרויס פאַרשוין איז זי אפילו ניט געווען, נור פאַר פייטלען, וועלכער האָט שוין צעהן יאָהר געחלומ'ט וועגען אַנאייגען פערדעל, איז אָט די שקאַפּע, וואָס איז שוין דורכגעגאַנגען אַלע מדרגות פון האָרעפּאַשנע פערד, געווען דאָס בעסטע, וואָס

אַ יוד קען זיך ווינשען . . .

—וואָס בעט מען פאַר דער נבלה? — מאַכט פּייטעל גלייכגילטיג, כלומר׳שט די סחורה געפעלט איהם ניט.

— ווילסט קויפען? — ענטפערט קאָפּעל מיט אַ פראַגע.

— אויב ביים וועג . . .

— ווי דו ביזט אַ יוד?

— ווי איך בין אַ יוד . . . כ׳מיין, וואָס מיינסט דו עפּעס?

ע—ע . . .

— גיב דיין האַנד.

פּייטעל האָט אייסגעשטעלט די רעכטע האַנד, קאָפּעל האָט אַראָבגעלאָזען אַ הילכיגען פּראַסק איבער איהר, און האָט מיט אַ ברען אַ זאָג געטאָן:

— זי וועט געהן צו דיר פאַר פינף־און־פערציג קאַרבאָנעס! מיטין ציימעל, מיט האַק און פּאַק. . . כאַפּסט אַ מציאה— דיין מזל! זאָל דיר גאָט העלפען! . .

האָט מען זיך געדונגען, געפּאַטשט איבער די הענד, ביז מען איז מישיה געוואָרען אויף נייען־און־דרייסיג רובעל און פּיי־טעל׳ס „מאָגאַריטש“.

---

כל זמן פּייטעל האָט זיך געדונגען מיט קאָפּעלין האָט ער זיך געמאַטערט צו זיין קאַלטבלוטיג; ווי נור אָבער ער האָט אָנגענומען דעם פערד פאַר׳ן ציימעל צופיהרען איהם אהיים, —זיין אייגען־פערד אַהיים פיהרען, האָבען ביי איהם אַוש די הענד געציטערט פאַר פרייד.

יאָהרען געחלומ׳ט פון אַן־אייגען פערד און — אָט האָט ער איהם! . .

אין מענדעל, אין לייבעל האָבען איהם געבעטען, ער זאָל זיי לאָזען פיהרען דעם פערד פאַר׳ן ציימעל, נור ער האָט זיך זיי אַפילו ניט גענאָזט צו ריהרען צו איהם.

— לאָזט, טשעפּעט ניט! . .

ווי אַ יונגער איז ער געגאַנגען פיהרענדיג די דאַרע קליאַט־שע פאַר׳ן ציימעל און אומקוקענדיג זיך אויף איהר אַלע ווייל־ אַהינטער

לייבעלע איז אוועקגעלאָפען פאַראויס אַנזאָגען אין דער־היים די שמחה, אַז דער טאַטע האָט געקויפט אַ פערד.

ריקליע מיט די קינדער זענען אַרויסגעלאָפען אַנטקעגען.

און ווען זי האָט דערזעהן פייטעלס שיינענדיגען, מיט אַמאָל יונג־געוואָרענעם פנים, האָט זי זיך דערמאָנט אָן איהר חופה־טאָג.

פייטעל האָט איהר אָהן ווערטער אָנגעוויזען מיט שיינענ־דיגע אויגען אויפ'ן פערד: „זעהסט?“, הייסט עס...

זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן פערד און גענומען ווי־שען די אויגען מיט'ן ברעג פאַרטוך.

זי האָט אפילו ניט געפרעגט, וויפיעל ער האָט בעצאָהלט פאַר איהם.

און אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט ווייזען דער ווייב, וואָס פאַר אַנ'אָדלער ער האָט איינגעהאַנדעלט, האָט ער איבערגעגע־בען מענדלען די ציימעל און קורין אַ זאָג געטהון:

— פיהר איהם נור דורך אַ משוקאַוועס...

מענדעל האָט געפיהרט די קליאַטשע הין־און־צוריק און פייטעל מיט ריקליען זענען געשטאַנען און אָנגעקוקט. און וואָס לענגער ער האָט געקוקט אויפ'ן פערד, אַלץ מעהר האָט זיך זיין פנים געענדערט: דער גאַנצער פייער אין זיינע אויגען איז מיט אַמאָל אויסגעלאָשען געוואָרען, די הענד זענען שוואַך אַראָבגעהאַנגען, דאָס פנים האָט בעקומען אַ אַש קאָליער, דער גאַנצער קערפער האָט זיך איינגעהויקערט, אַזוי ווי ער וואָלט צוזאַמען מיט דער ציימעל זיינע גאַנצע קרעפטען איבערגעגע־בען. מיט אַ גלייכגילטיג־אויסגעלאָשענעם בליק האָט ער געקוקט אויפ'ן פערד און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

ריקליע האָט אויף איהם אַ קוק געטהון און דערשראָקען זיך:

— פייטעל, וואָס איז מיט דיר?!

פייטעל האָט אָנגעוויזען מיט'ן האַנד אויפ'ן פערד און יאוש־דיג געזאָגט:

— דערלעבט... גאָט ווייס, צו וועט מיר אויסקומען פאָהרען אויף איהם... גאָט ווייס!..

— וואָס רעדסט דו? — גאָט איז מיט דיר?!

— קיין כח נישטאָ..! — האָט פייטעל אַ מאַך געטהון;

מיט'ן האַנד — געהאַוועט, געהאַוועט... וואָס?

— וואָס רעדסט דו עפּעס, וואָס?! איצט, מיט אַ פערד, וועסט דו ערשט אויסרוהען די ביינער... ניט דאַרפען שלעפען די „קאָראָמיסלע" אויפ'ן אַקסעל.

נור פּייטעל איז געבליבען ביי דאָס זיינינע:

— גאָט ווייס, גאָט ווייס!.. קיין פּה ניטאָ... ס'לוינט צו האַוועו אויף דער וועלט... דערלעבט... און וואָס?...

ריקליע איז געבליבען שטעהן, ווי אַ פערגליווערטע.

די קינדער האָבען געקוקט אויפ'ן טאַטען פערוואונדערט...



# די ענדע פון א ראמאן.

---

ווי א גרויסער, גרויער פעלז האט זיך די שיף אבגעטיילט פון האפען און איז קרעכצענדיג, און סאפענדיג, לאנגזאם ארויס אויפ'ן וועג צום אפענעם ים.

דער האפען און די שיף־דעקען זענען שווארץ געווען פון מענשען.

די פאסאזשירען פון דער ערשטער און צווייטער קלאס, זענען געשטאנען ארום די פאַ־ענצעס פון זייערע בעזונדערע גרויסע און גרוימע דעקען, פערפוצט ווי צו א יום־טוב, געשיקט „לופט־קושען" צו געליבטע אויפ'ן ברעג, געפאכט מיט טיכלעך צו פערבליבענע פריינד, געקוקט דורך בינאקל'ען אויף דער שעהנער פאנאראמע, וואס די פערלאזענע שטאדט האט מיט זיך פון ווייטען פארגעשטעלט און געקליבען זיך, ווי ווייט מעגליך, הנאה האבען פון דער ים־רייזע.

די „צווישענדעקניקעס" — מייסטענטהיילס יודען — האבען זיך געטופעט אויף דער אונטערשטער ענגער און שמוציגער דעק, די גרעסטע טהייל פון וועלכער איז פערוואָרפען געווען מיט זעק, קאסטענס, קערב און דיקע קאנאטען.

אלטע יודען, מיט דעם גאנצען גלות אויף זייערע פנים'ער, מיטעל־יעהריגע מיט דעם עול־הפרנסה אויף זייערע מידע פלייצעס, יונגע־לייט מיט ליכט פון האפנונג אין זייער בליק און מיט מוטה אין יעדער בעוועגונג, ווייבלעך, מיט צייכענס פון א סך קינדער און וועהניג ברויט אויף זייערע שטערענס; מיידלעך, ווער מיט דעם פאגראמען־שרעק און ווער — מיט דעם חלום פון גליק אין זייערע אויגען, — האבען זיך פערמישט אינאיינעם, געטיל־

יעט זיך איינער צום צווייטען, ווי א סטאדע דערש־אקענע שעפ=
סען . . .

ס'איז נישט שווער געוועזן צו דערקענען, אז דאס זענען
ענטלאפענע פון פייער, אדער מענשען, וואס הלומ'ן פון א שטיקעל
ברויט, ווי פון גרעסטען גליק.

נור איין יונגע פארעל האט זיך מיט איהר מונטערקייט
אבגעטהיילט פון דעם פינסטער=גרויען עולם: א יונגער בחור'ל פון
א יאהר צוויי=און=צוואנציג מיט א געניאלט=ערנסטען געזיכט, וואס
קען יעדען גלייך געפעלען ווערען, און א בע'הנ'ט מיידעל, מיט
א יאהר דריי יונגער פון איהם.

געשטאנען זענען זיי הארט איינער נעבען צווייטען; און גע=
קוקט ניט אויפ'ן ברעג, וואוהין קיינער איז זיי ניט געקומען בע=
גלייטען, ניט אויפ'ן ים, פון וועלכען עס שווינדעלט אזוי אין
קאפ, נאר איינער דעם צווייטען אין די אויגען, און וועלכע זיי
האבען זייער אייגענעם ים געזעהען . . .

זיי קענען זיך שוין גאנצע פיער טעג. בעקאנט האבען זיי
זיך אין דער שיף=קאמפאניע'ס „האטעל" וואו זיי האבען עטליכע
טעג געווארט אויף די שיף.

זי ווייס שוין, אז מען רופט איהם חיים, אז פון רוסלאנד
איז ער אוועקגעפאהרען, „ווייל מ'האט געמוזט אזוי" . . . אין
אמעריקא האט ער, א חוץ א פאר בעקאנטע, קיינעם ניט. וואס
וועט ער טהון? ער וועט שטודירען . . . ער האט אין דערהיים
געהאלטען עקזאמען אויף זעקס קלאסען, האט מען איהם "סרע=
זשעט" אויף מאטעמאטיקע . . . אבער אין אמעריקא איז גרינג צו
שטודירען, מען דארף נאר וועלען, און וועלען — וויל ער . . .
ער מוז ווערען, א גרויסער מענש.

ער פון זיין זייט, האט געוואוסט אז זי הייסט חנה, אין
אמעריקא פאהרט זי, ווייל איהרע ברידער און שוועסטער, וואס
זענען דארטען, לאזען איהר פשוט ניט צורוה זי זאל קומען אהין.
זי האט זיי געשיקט איהר קארטע, האבען זיי געשריבען זי זאל
באלד קומען, ווארום א מיידעל מיט אזא „פנים" — א פנים אויף
זייער לשון — וועט זיין "אלל רייט" — גליקליך, מן הסתם — אין
אמעריקא. זיי אליין זענען אויך „אלל רייט", שרייבען זיי, זיי
האבען „שעפער" — פאבריקען אויף ענגליש — און זענען „ריטש"

אָף" — וואָס דאָס איז אַזוינס—שרייבען זיי ניט, מן הסתם — מיליאָנשציקעס.

דאָס אַלעס האָבען זיי געוואוסט נאָך דעם ערשטען טאָג פון זייער בעקאַנטשאַפט, און האָבען זיך געפיהלט, ווי זיי וואָלטען אויסגעוואַקסען צוזאַמען.

אַזוי, אַמווייניגסטען האָט ער געזאָגט און זי האָט געגלויבט...

איהר איז געפעלען, וואָס אַ יונגער מאַן, וועלכער האָט „געמוזט" אַוועקפאָהרען פון רוסלאַנד איז מיט איהר אַזוי איינפאַך און האָט זי קענטיג ניט פיינד.

איהם איז געפעלען געוואָרען איהרע בלויע אויגען, איהרע בלאָנדע צעפּ, איהר בע'הנ'ט פנים... און אַגב — האָט ער געקלעהרט — שאַדט דאָך גלאַט ניט בעפריינדעט צו ווערען מיט אַ מיידעל, וואָס האָט ברידער און שוועסטער מיליאָנשציקעס אין אַמעריקאַ: דורך זיי וועט גרינגער זיין דערשלאָגען זיך צו עפּעס... זי איז אַפילו אַ קליינשטעטעלדיגע מיידעל און ניט קיין גרויסע חכמה, נור וואָס אַהרט עס איהם? התונה האָבען געהט ער דאָך מיט איהר ניט; אָבער ווערען מיט איהר אַ ביסעל נעהנטער קען געוויס ניט שאַדען.

די אָבגעשניטענקייט פון דער גאַנצער וועלט, וואָס מען פיהלט אויפ'ן שיף, האָט זיי נאָך נעהנטער געמאַכט.

און ביז שפּעט אין דער נאַכט זענען זיי געשטאַנען און אָנגעקוואָלען איינער פון צווייטען.

---

אויף דעם צווייטען און דריטען טאָג איז דער ים געווען אַזוי שטורמדיג, אַז מען האָט אַפילו אָן ליעבע פערגעסען...

הויכע, ברויזיגע כוואַליעס האָבען זיך מיט רעש געיאָגט איינע נאָך דער צווייטער, מיט אַ ווילדען כעס געוואָרפען זיך אויפ'ן שיף, און געוויגט זי פון איין זייט צום אַנדערען, געשפּיעלט מיט איהר, ווי מיט אַ שפּענדעל. אָט ווערט זי אין גאַנצען פערזונקען צווישען די ווילדע כוואַליעס, אָט שווימט זי אַרויף פון אויבען, און וואַקעלט זיך ווי אַ ענטעל... און עס קרעכצט, און עס טרעשצעט די שיף, און עס דוכט זיך אַז אָט, אָט וועט זי

אינטערגעהן אין איהר שווערען קאַמפּף מיט דעם צופּושעוועטען ים.

ערשט אויפ'ן פיערטען טאָג האָט דער ים אָנגעהויבען צובערוהיגען זיך. עס הויבט זיך אויף אַ קליינע כוואַליע און לאָזט זיך נאָך דער צווייטער, אָבער ניט דעריאָגענדיג קעהרט זי זיך אום צוריק... דער ים איז, דאַכט זיך, ווי פערמאַטערט, פערשוואַכט פון זיין שטורמדיגער אַרבייט, און ס'זעהט אויס, אַז ער וועט באַלד אין גאַנצען בערוהיגען זיך.

און נאָך האַלבען טאָג האָט שוין דער ים אויסגעזעהען, ווי א מאַטע צושמאָלצענע זילבער... אַ געשמאַקער ווינטעלע האָט געיינצעלט די גלאַטקייט פון שפּיגעלדיגען ים... נאָר אַרום באַטע שיפף זעהט דאָס וואַסער אויס, ווי אומרוהיג: קליינע וועלען שלאָגען זיך אָב אָן די זייטען פון שיפף, און וואַשען איהר, און קיצלען זי, און שפּיעלענדיג לויפען זיי צוריק, פערשמעלצען זיך מיט זייערע חבר'טעס און טראָגען זיך אין זייער אייביגען גאַנג... אַ ברייטער, ווייסער פּאָכער פון שוים שלעפּט זיך נאָך דער שיפף, אין רוישט, און קאָכט און שפּריצט... און די זון שפּיעגעלט זיך אָב אין דעם פרעהליכען שנעע=ווייסען שטראָם, און איהרע שטראַהלען באָדען זיך אין זיינע אָנגעזייפטע בלעזעלעך...

אָנגעטהון אין רייזע=מאַנטלען, הויבען ביסלעכווייז אָן ארויסצוקריכען אויף די דעקען די פּאַסאַזשירען פון דער ערשטער און צווייטער קלאַס. אייַנוויקלענדיג די פיס אין וואַרימע פּלעדען, זעצען זיי זיך אויף בעקוועמע שיפף=שטוהלען און האָבען הנאה פון דער שעהנער וועלט'ל.

בעווייזט זיך פון ווייטען אַ צווייטע שיפף, מאַכט מען מיט די טאַשען=טיכלעך, אַזוי ווי מען וואָלט עס דאָרט בעמערקט; וואַקלען זיך עפּעס פון ווייטען, ווי די ענטלעך, צוויי פישער=שיפלעך מיט ווייסע זעגלען, שטעלט מען דערויף אָן די שפּאַקטיוועס, קעהרט זיך איבער אַ גרויסען פיש אין דער לופטען און פאַלט צוריק אין ים אַריין, לאָזענדיג איפּ'ן וואַסער ברייטע צירקלען, — קוועלט מען גאָר אָן פון שמחה...

און די פּאָר יודען פון „צווישענדעק", וואָס האָבען כח געהאַט אַרויסצוקריכען אויפ'ן דעק, קוקען אויף זיי פון אינטען אַרויף און וואונדערען זיך: פון וואָס זיי קענען נתפעל ווערען!...

די אונטערשטע דעק איז כמעט, ווי לעדיג, אונטען, אין

דעֶם אָבגרוּנד׳ פוּן „צווִישֶענדרעֶק״, איז חורבן: דִי דרײַ עֶטאַזשעֶן בעֶטלעֶך זעֶנעֶן פעֶרנוּמעֶן מִיט מעֶנשעֶן מִיט טוֹידט־גרִינעֶ פּנים׳עֶר, מִיט בלאַסעֶ, פעֶרטריקעֶנטעֶ לִיפּעֶן. דִי פּאָדלאָגעֶ איז גלִיטשִיג און טראָגט אויף זִיך דײַטלִיכעֶ סימנים פוּן דִי שטוּרם־טעֶג... אַ פעֶרשטִיקטעֶ, פעֶרדאָרבעֶנעֶ לִיפט רופט אַרױס אַ נִיט־גוּטקײַט... פוּן אַלעֶ זײַטעֶן העֶרט זִיך אַ געֶוויין פוּן קִינדעֶר, אַ קרעֶכצעֶן...

אײַן חיים נאָר האַלט זִיך, ווִי אַ לײַט. עֶס נוּדיעֶט אִיהם אַפילוּ צוּם טוֹידט, נאָר דאָך טרעֶט עֶר נִישט אָב פוּן זײַן הנה׳ן און רעֶדט זִי אַלִיין אײַן זִי זאָל זִיך אָנטהוּן אַ כח און אַרויף אויפ׳ן דעֶק. עֶר מאָהלט אִיהר, ווִי שעֶן דעֶר ים איז אִיצט, ווִי העֶל דִי זוּן שײַנט, ווִי געֶשמאַק דאָס ים־ווִינטעֶלעֶ בלאָזט, ווִי אָבגעֶפרִישט מעֶן פִיהלט זִיך דאָרט.

— אַז אִיך... האָב קײן כח נִיט... אוי... אויפצוּהויבעֶן זִיך... ס׳נוּדיעֶט. — עֶנטפעֶרט זִי אִיהם קרעֶכצעֶנדִיג.

— וועֶל אִיך אײַך אַרויפטראָגעֶן — נעֶהמט זִיך חיים אוּנטעֶר.

קוועֶלט זִי אָן אִין האַרצעֶן פוּן זײַן פאָרשלאָג: ס׳איז דאָך גאָר, ווִי אִין דִי ראָמאַנעֶן: דעֶר „העֶלד״ טראָגט דִי „העֶלדִינעֶן״ אויף דִי העֶנד... זִי איז אָבעֶר פאָרט נִיט געֶוואָהנט צוּ אַזעֶלכעֶ זאַכעֶן, שעֶהמט זִי זִיך. און מִיט אַ קול, אִין וועֶלכעֶן עֶס העֶרט זִיך, אִי פרייד, אִי שאַנדעֶ זאָגט זִי שטִיל:

— געֶהט, וואָס רעֶדט אִיהר עֶפּעֶס...

— אַי, אַי, וואָס איז דאָ אַזוינס? אַ קראַנקעֶר מעֶנש... זײַט נִיט קײן קלײנשטעֶטעֶלדִיגעֶ. — עֶנטפעֶרט חיים.

דאָס האָט געֶווירקט בעֶסעֶר ווִי אַלִיץ: זִי וועֶט אִיהם ווײַזעֶן, אַז זִי איז גאָר נִיט אַזאַ קלײנשטעֶטעֶלדִיגעֶ, ווִי עֶר מײנט.

און צוּמאַכעֶנדִיג דִי אויגעֶן, האָט זִי קוים אַיסגעֶרעֶדט:

— טוּ נעֶ־עֶמט מִיך אַרויף...

— טוּ, נעֶהמט־זשעֶ אַרוּם מײַן האַלז, האַלט זִיך פעֶסט, אָט אַזוי, הײדאַ מאַרש!..

און בּויגעֶנדִיג זִיך אוּנטעֶר דעֶר משא, האָט עֶר זִיך געֶדראַפּעֶט אויף דִי שמאָלעֶ און גלִיטשִיגעֶ טרעֶפּלעֶך אַרויף.

ווען עֶר האָט זִי אַוועֶקגעֶלעֶגט אויף דִי קוּפּעֶ זעֶק, וואָס איז געֶלעֶגעֶן אויפ׳ן דעֶק, האָט זִי געֶעֶפעֶנט דִי אויגעֶן, און אַ

שװאַכען שמײכעל געטהון.

חיים האָט זיך געהאַלטען פאַר אַ קענער פון מײדלעך, האָט זיך איהם געדוכט, אַז איצט „מעג ער" איהר אַ קוש טהון. און ניט לאַנג קלערענדיג האָט ער צוגעלעגט זײנע ליפּען צו איהרע בלאַסע ליפּען.

— אױ, װאָס טהוט איהר דאָס?! פּע! — האָט זי אױסגערעדט און האָט זיך פעסטער צוגעדריקט צו איהם...

חיים האָט אַ קוק געטהון אױף איהר געזיכט, װאָס האָט זיך שעמעװדיג געריטעלט, און לאַבענדיג געענטפערט:

—ס'איז שױן גאָר ניט „פּע", גלױבט מיר.

דאָס אַרױפּטראָגען און דער ערשטער קוש האָט זי אין גאַנצען נאָהנט געמאַכט אײנעם צום צװײטען;

און װען ער פלעגט זי דערנאָך שטילערהײד קושען, האָט זי שױן ניט געזאָגט „פּע", און פלעגט אַ מאָל איך ענטפערען מיט אַ קוש.

גאַנצענע טעג פלעגען זײ זיטצען און מאַכען פּלענער, װאָס זײ װעלען טהון אין אַמעריקאַ. זי האָט איהם צוגעזאָגט צו סטאַרען זיך פאַר איהם בײ איהרע ברידער, װאָס האָבען אײגענע „שאַפּס", און ער האָט צוגעזאָגט צו בלײבען איהר פרײנד, אפילו װען ער זאָל װערען דער גרעסטער מענש אין אַמעריקאַ...

— נור איהר זאָלט ניט אײלען חתונה האָבען — האָט ער איהר אײנגערעדט.

— איך װאָלט זיך שױן גאָר ניט געאײלט — האָט זי איהם פערזיכערט — אָבער מײנע ברידער און שװעסטער, װעלען מיר, האָב איך מורא, קײן רוה ניט געבען.

— װאָס הײסט זײ װעלען אײך קײן רוה ניט געבען? װאָס זענט איהר עפּעס אַ קלײנינקע?

— איך װײס ניט... איך װעל דאָך זײן אַ פרעמדע, אױף זײער לאַסקע...

ער האָט זיך אַ װײלע פערטראַכט, נור באַלד האָט ער זיך אַ פּאַטש געטהון אין שטערן, און פרעהליך אױסגעשריען:

— אױ, אַנ'אײנפאַל, װי איך בין אַ יוד! איך האָב אַן עצה: זאָגט זײ גאָר, אַז מיר זענען חתן־כּלה פון דער הײם,

וועלען זיי איין צו רוה לאָזען.

די עצה איז איהר געפעלען, נור איבערטראַכטענדיג א ווײַלע האָט זי געזאָגט:

— יאָ, זאָגען קען מען, אָבער... איהר פערשטעהט... דערנאָך, אַז כ׳וועל וועלען טהון א שידוך, קען עס מיר שאַדען: מ׳וועט זאָגען: שוין איינמאָל געווען א כלה.

— ע, וואָס דאַרפט איהר איצט קלערען, וואָס וועט א מאָל זיין?! און ווײַטער, וואָס ווייס מען? מיר זענען נאָך ביידע ניט קיין אַלטע לייט, פיינד האָבען מיר זיך, דוכט זיך, אויך ניט, לאָמיר זיך נור „פּריסטראָיען״, קומען צו תכלית, וועלען מיר פרעמד ניט בלייבען... — האָט ער דיפּלאָמאַטיש גערעדעט.

זי האָט אָנגענומען זיין וואונק און איז מרוצה געוואָרען אויף זיין פאָרשלאָג:

— נו, איהר ווילט התן־כלה — זאָל זיין חתן־כלה.

— איז מזל־טוב חתן־כלה! צוקושט זיך — האָט ער לעבעדיג אויסגעשריען, און טאַקי גלײַך געטהון, וואָס ער האָט געזאָגט.

— און מיר דאַרפען זיך זאָגען „דו״. כדי דיינע קרובים זאָלען זעהן, אַז מיר זענען טאַקי חתן־כלה — האָט ער איהר ערקלערט.

און אַזוי שפּיעלענדיג אין חתן־כלה זענען זיי אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק.

אין „קעסטעל גאַרדען״ האָבען חנה׳ן בעגעגענט איהרע ברידער, די „מיליאָנשציקעס״ מיט בלייכע פּנים׳ער און אויסגעהאָרעוועטע הענד, און די „רייכע״ שוועסטער, יעדערע מיט א קינד אויף די הענד, און מיט עטליכע — ביי׳ם קלייד.

חיים האָט זיך געפיהלט עלענד און האָט זיך געהאַלטען נאָהנט געבען זיין איינציגער בעקאַנטער.

איהרע ברידער האָבען איהם בעמערקט און געפרעגט:

— ווער איז דער יונגער מאַן?

— דאָס איז... ע... ע... מיין חתן — האָט זי רויט־ווערענדיג געענטפערט.

— דיין חתן, אַזוי? האָסט שוין א חתן פון דער היים פאַר וואָס האָסט דו גאַרניט געשריבען? נו, נו, א גאַניץ שעה?

— ? נער באָי, (בחור), וואָס איז ער עפּעס, אַ בעל־מלאכה האָבען זיי גערעדט הויך צווישען זיך, אַזוי ווי ער וואָלט רעד־ביי ניט געווען.

— ניין, ער איז אַ געבילדעטער, אַ קענער...

הם... נו, מילא. ער וועט זיך „אויסגרינגען״... וועט ער זיין „אָל רייט״... מיר וועלען איהם דאָ מאַכען פאַר אַ מענשען...

---

— אַ גרויסער נפש מיט אַ גלאַט־געראַזירטען פּנים, וועל־כער האָט זיך די גאַנצע צייט צוגעהערט צום שמועס, איז צו־געגאַנגען צו חיימ׳ען, און אין אַ שפּראַך וואָס האָט געזאָלט זיין יודיש — געפרעגט:

דאָס מיידעל... דיינע כלה?

— יאָ, מיין כלה — האָט חיים צושראָקען געענטפערט דעם גרויסען נפש אין דעם היטעל מיט גאָלדענע שנירלעך —

— ער, באָי, יונג, חתן דיינער? — האָט דער גרוי־סער נפש ווייטער אָנגעהויבען ברעכען דעם צונג, צוגעהענדיג צו הנה׳ן.

— מיין חתן.

— נו, איהר, יונגעל, מיידעל, דאָ הייראַטען... חתונה, חתונה, פערשטעהט?

— וואָס הייסט חתונה? — האָט זיך חיים אַ כאַפּ גע־טהון פון שרעק.

— אָט דאָס הייסט: אויב דו ניט ווילסט, — מיידעל געהן מיט פריינד איהרע, דיר שיקען דיך צוריק...

— וואָס הייסט? — האָט חיים בלאַס ווערענדיג גע־שמאַמעלט, — מיר ווילען נאָך ניט חתונה האָבען... איך דאַרף זיך נאָך „פּריסטראָיען״...

— נו, דו ניט ווילסט, דו פאָהרען צוריק... אַ געזעטץ אַזאַ... אונזער אַמעריקאַ וויל האָבען יונגע פּאָר... מאַן, ווייב... ניט וויל האָבען פרויען־הענדלער, פערפיהרער... פער־שמאַנען? — דאַרפען זיין זיכער...

חיים איז געשטאַנען, ווי אַ צוטומעלטער. ערשט נאָכדעם ווי חנה׳ס קרובים האָבען איהם, פון זייער זייט געגעבען צו פערשטעהן דעם אַמעריקאַנער געזעטץ, האָט חיים פערשטאַנען, אַז איהם בלייבט איבער איינס פון די ביידע: אָדער חתונה האָבען דאָ אויפ׳ן אָרט, אָדער געשיקט ווערען צוריק...

---

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער, האָבען חיים מיט חנה׳ן פערלאָזען דעם אינזעל אַלס מאַן און ווייב.

די קרובים האָבען זיי אָבגעגעבען „מזל־טוב“, און געזאָגט:

— נו, „שוואָגער“, איצט ביזט דו אַ „מעריד מען“ (אַ בעווייבטער) וועסט דו זיך מוזען סטאַרען „מאַכען אַ לעבען“... צום אָנהויב וועלען מיר אייך ניט פערלאָזען... נאָר זייַ אַ מענש...

חיים האָט אויסגעהערט די עצה פון די „מיליאָנשציקעס“ און געשוויגען...



# אינהאַלט:

## שימין׳ם פערלאג.

### יודישע פובליציסטיק און היסטארישע וויסענשאפט.

25) ד״ר א. גינצבורג. דער תלמוד, זיין ענשטעהונג און ענטוויקלונג — — 25 ק.
26) די יודישע געשיכטע. בעארבייט נאך פראפעסאר גרעץ און אנדערע נייע קוועלען. אין טיילען, יעדער טייל — — — 25 ק.
27) פראפ. מ. לאצארוס. ירמיה הנביא 25 ק.
28) משה. ואמעלבין. ארטיקלען פון אראלף ושילבער, אחד העם העגרי דושארוש — 25 ק.
29) הלל צייטלין. שריפטען — — 50 ק.
30) " " דאס פראבלעם פון גוטס און שלעכטס ביי יודען און ביי אנדערע פעלקער — 75 ק.

### דראמאטישע ווערק.

31) מארק ארנשטיין. דאס אייבינע ליעד 12 ק.
(א בילד אין 2 אקטען)
32) אסיפ דימאוו. שמע ישראל 25 ק.
(דראמא אין 3 אקטען)
33) גערהארד הויפטמאן. הענישעל פוהרמאן (דראמא אין 4 אקטען) יודיש ה. ד. נאמבערג — — 40 ק.
34) נ. טשארני. נאכ׳ן שטרייק — 15 ק.
(קאמעדיע אין דריי אקטען)
35) יצחק קאצענעלסאן. בהורים — 15 ק.
(קאמעדיע אין איין אקט)
36) " " רעקארעפט — 15 ק.

**ווארשא, נאלעווקי 33**

